אהרן ראַפּאָפּאָרט

# דבורה די נביאה
# און
# ברק בן אבינועם

פארלאג
י.ל. פרץ
ישראל
1965

# אהרן ראפאפארט

אהרן ראפאפאָרט, מחבר פון „דבורה הנביאה״, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1895 אין א דאָרף ביים טייך בערעזינאַ, לעבן מינסק· זיין מוטער האָט געצויגן איר יחוס פון זיבן דורות רבנים, און אהרן ראפאפאָרט האָט שטאָלצירט מיט זיין יחוסדיקן אָפשטאם· צו זעכצן יאָר האָט ער צוזאמען מיט זיינע עלטערן אויסגעוואנדערט קיין אמעריקע· דאָ האָט ער זיך געלערנט אין א טעכנישער שול און זי פארענדיקט ווי א דיפּלאָמירטער מעכאניקער· ער איז כל־ימיו געווען א טעכניקער און זיך אויסגעצייכנט אויף זיין געביט·

אין 1918 האָט מען אים מאָביליזירט אין דער אמעריקאנער ארמיי· בלויז נאָך עטלעכע וואָכן פון איילקע מיליטערישע צוגרייטונגען האָט מען אים געשיקט קיין אייראָפּע· ער האָט זיך באטייליקט אין א צאָל שלאכטן אויפן פראנצויזישן מלחמה־פראָנט, ווו זיין שיף איז טאָרפּעדירט געוואָרן·

ווען ער איז אין 1919 צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק, האָט ער אין „פאָרווערטס״ געדרוקט זיינע ערשטע מלחמה־לידער· אָט די לידער פון א יידישן סאָלדאט האָבן גלייך געצויגן די אויפמערקזאמקייט פון די ליטערארישע קרייזן אין אמעריקע און אין אייראָפּע· אין 1925 דערשיינט זיין ערשט בוך מלחמה־לידער „דורך פייער־ווענט״· די גאנצע קריטיק האָט עס זייערווארעם אויפגענומען· שמואל ניגער האָט געשריבן אין צוקונפט: „די מלחמה־לידער פון אהרן ראפאפאָרט זענען לידער פון ארום די שלאכט־פעלדער· עס איז דאָ אין זיי פון יענער איינפאכקייט און פון יענעם שטילן שטומען צער, וועלכע פילן אָן די לופט פון אמתע גרויסע ליידן·״

אין 1927 איז דערשינען זיין פּאָעמע „שדים״״, ווו ער סימבאָליזירט דעם שטומען כח פון מאשינען, די צוויי בריוו פון ח· נ· ביאליק, וואָס ער האָט געקראָגן נאכן צושיקן אים די פּאָעמע, באַשטעטיקן די אָריגינעלקייט פון נייעם מענטש פון א נייער ערע·

אין 1935 דערשיינט זיין בוך דערציילונגען „מעשה שאפ״· אויך די פּראָזע האָט באקומען לויב, ווי עכטע דערציילערישע קונסט, דורכגעוועבט מיט לירישע בייטענער·

אהרן ראפאפאָרט האָט א סך געשריבן· זיינע עסייען וועגן די „יונגע״, געדרוקט אין „די צוקונפט״ און פארשידענע ליטערארישע

זשורנאלן האָבן אנטפלעקט א נייעם קוואל פון שעפערישקייט. א צאָל ווירטיקע ווערק ליגן אין מאנוסקריפטן. זיי ליגן אין שופלאַד און ווארטן אויף זייער גורל...

באשיידנקייט און שטילע עניוות זיינען גרונטשטריכן פון אהרן ראפאָפּאָרטס כאראקטער. ער איז קיין מאָל נישט אוועק — נישט פון בשטות, נישט פון עכטקייט. ער איז געווען א וויזיאָנער מיטן טיפסטן גלייבן אין דעם מענטשלעכן שכל, וואָס וועט אלץ מער און מער אנטפלעקן די סודות פון דער וועלט.

דער תנ״ך איז געווען זיין הייליקער ספר. אין זיין נשמה האָבן געהויערט די געשטאלטן פון דעם ספר הספרים; אָט די געשטאלטן האָבן געלעבט מיט אים, אין אים. און ער האָט פארבונדן „דבורה די נביאה״ די דראמע פון יידישן קאמף און פון יידישער ליבע, מיט די היינטיקע קעמפער פאר דער אנטשטייונג פון מדינת ישראל.

אין כ״ד אלול, תשכ״ד 1964 אין מיטן פון זיין דערפינדערישער טואונג פאר אמעריקע און ישראל האָט זיך זיין הארץ אָפּגעשטעלט. נאָר זיין חלום „דבורה הנביאה״ — שטראלט ארויס מיט לעבן — פאר אַלע צייטן.

מלכה לי

## צוויי בריוו פון ח. נ. ביאליק צום מחבר

דאָס ער האָטגעשריבן צו אהרן ראפאפּאָרטן מיט יאָרן צוריק.

חברת „דביר" בע"מ (בית הוצאת ספרים) תל־אביב, ארץ־ישראל.

תל־אביב, י"ז כסלו תרפ"ז, 23.11.26

לכבוד מר א. רפפורט,
ניו־יורק

א. נ.

קבלתי את שירך „שדים", ואני מביע לך בזה תודתי. עברתי עליו כשאני עומד על רגל אחת. והרושם של שירך חזק למדי. מאד אחזיק טובה לך, אם תמציא לי מזמן לזמן את הדברים שתפרסם.

בכבוד גמור

ח. נ. ב י א ל י ק

חברת „דביר" בע"מ (בית הוצאת ספרים) תל־אביב, ארץ־ישראל.

תל־אביב, יום 2.8.1927

לכבוד מר א. רפפורט,
ניו־יורק

א. נ.

קבלתי את מחברותיך, שהואלת בטובך להמציא לי. יודע אני את שמך ואת שירתך זה מכבר והרבה פעמים התענגתי על דבריך ועל כח הבטוי שלך. רואה אני כי בשנים האחרונות הביאה הספרות היהודית באמריקה יבול רב. הלשון נתעשרה וכוחה עצם וחזק. התחינה גם השנים הקרובות הבאות שנות ברכה וגידול ללשון היהודית, או... אך לאלהים פתרונים!

בכבוד גמור ובתודה

ח. נ. ב י א ל י ק

## יידישע איבערזעצונג

תל־אביב, י"ז כסלו תרפ"ז, 23.11.26

לכבוד א. ראפאפּאָרט
ניו־יאָרק.

השובער פריינד:

איך האָב באקומען אייער ליד „שדים", און מיט דעם שרייבן דריק איך אויס מיין דאנקבארקייט צו אייך. איך האָב אויף גיך דורכגעקוקט דאָס

ליד, אזוי װי שטייענדיק אויף איין פוס. דער איינדרוק פון אייער ליד איז שטארק ביז גאָר.

איך װעל באטראכטן װי א גרויסע טובה פון אייך, אויב איר װעט מיר שיקן פון צייט צו צייט אלץ װאָס איר װעט פארעפנטלעכן.

מיט פולן דרך־ארץ,

ח. נ. ביאליק

תל־אביב, 2.8.1927

לכבוד א. ראפאפאָרט

ניו־יאָרק.

חשובער פריינד :

איך האָב באקומען אייערע העפטן, װאָס איר זענט געװען אזוי גוט מיר צו שיקן. אייער נאָמען און אייער ליד זענען מיר שוין לאנג באקאנט. און א סך מאָל האָב איך הנאה געהאט פון אייערע שאפונגען און פון אייער קרעפטיקן אופן פון אויסדרוק.

איך זע אז אין די לעצטע יאָרן האָט די יידישע ליטעראטור אין אמעריקע געבראכט גרויס גערעטעניש. די יידישע שפראך איז בארייכערט געװאָרן און איר כוח איז פעסט און שטארק.

צי װעלן די קומענדיקע נאָענטע יאָרן אויך זיין יאָרן פון ברכה און װוקס פון דעם יידישן לשון ?... איין גאָט װייסט !

מיט פולן דרך־ארץ און מיט דאנק,

ח. נ. ביאליק

## פּערזאָנען:

דבורה די נביאה
ברק בן אבינעם
אפרימער לוי
קדשער לוי
וואסער־טרעגער
בן אָדם
כהן
שבטים־פירער
חייל
שמרי
יעל
שמגר בן ענת (קריגס־ראטגעבער)
אלופים
ארי
ציפורה } מיידלעך פון בית־חולים
חנה }
סיסרא (אין חלום)
דאס פאלק

# ע ר ש ט ע ר   ט י י ל

## ב י ל ד   א י י נ ס

## ביים קוואַל

ב ר ק און ד ב ו ר ה. אור־וואַלד, סקאַלעס, שטיינער. ד ב ו ר ה, אין שוואַרץ געהילט, רייט אויף אַן אייזל, וואָס איינער פירט אויפן שטריקל, אַ צווייטער גייט נאָך.
ב ר ק ב ן א ב י נ ע ם גייט פאָרויס. איינדרוק, ווי זיי וואָלטן זיך געגנבעט אין דער נאַכט אריין דורך אַ מוראדיק אָרט.
ב ר ק שטעלט זיך אָפּ, נעמט איבער דאָס שטריקל פון אייזל און באַפעלט זיי מיט אַ ווונק, זיי זאָלן אויספירן דעם ווייטערן גאַנג און זיי איילן אַוועק.

**דבורה**

אור־וואַלד, אַזאַ שווייגעניש טויבט די אויערן...

**ברק**

און ווי ווייט איז נאָך צו קדש?
נישט ווייט,
מיר וועלן אויסציען די צייט,
נאָך האַלבער נאַכט אָנצוקומען.

**דבורה**

וועלן זיי וואַרטן אויף אונדז ביי קדש?

**ברק**

צי זיי וועלן וואַרטן?

מעגסט זיכער זיין, אַז דאָס אָרט איז אין געהיים,
און עס וועלן אונדז טרעפן נאָר די,
וואָס דאַרפן אונדז טרעפן.

**דבורה**

מיר גייען, מתים נישט צו וועקן, ברק.

**ברק**

מיר וועלן איצט ניט ריידן פון דעם,
עס קען נאָך אַ שאקאַל אונדז אויסהערן...
(קוקט זיך ארום.)
מיר וועלן דאָ צוּוואַרטן.

**דבורה**

(שפּרינגט אַראָפּ פון אייזל, זיי גיבן א פּאָר שפּאַן)
איך הער ריזלען אַ קוואַל.

**ברק**

יאָ.
(זיי קומען צו, קוקן אַריין.)

**דבורה**

אזוי קוואַליק...
(זי נעמט אַראָפּ איר שוואַרצן שלייער, איר פּנים לייכט אויף. גיט א בליאַסק אין דער נאַכט אַריין.)
טרינק, ברק. אזוי קוואַליק...

(ברק קוקט ווי זי שפּיגלט זיך אין קלאָרן וואַסער פון קוואַל. אירע שוואַרצע צעפּ זיינען פאַרדרייט ווי אַ קרוין איבער איר שטערן, וואָס בלענדט נאָך בלענדיקער פון שוואַרצער קרוין. אירע האָר, איר קערפּער, וואָס איז שלאַנק און בייגעוודיק, וויגן זיך אין קוואַל.)

**ברק**

(גאפט)
ווי וווּנדערלעך דו ביסט...

**דבורה**

(מאכט זיך ניט הערנדיק, נעמט אָן א פולן הויפן וואַסער, הייבט צו אים)
טרינק, ברק.

**ברק**

(שלעפט אַראָפּ די קעפּיאָ פון זיין קאָפּ, װאָס איז געהאנגען װי א האַנטעכל, טרינקט פון איר הויפן)

שוין אויסגעטרונקען.

**דבורה**

שעפּ אַליין.

**ברק**

שעפּ דו, װעל איך פון דיינע הויפנס טרינקען.

(ד ב ו ר ה שעפּט אָן פולע הויפנס, ברק בייגט זיך אָן צו טרינקען, גיסט זי אים דאָס װאַסער אויפן קאָפּ אַרויף, ברק לאַכט.)

דו זאַלבסט מיך מיט קוואַל-וואַסער?...

**דבורה**

פאַר וואָס שעפּסטו אַליין ניט צום טרינקען!

(ב ר ק בייגט זיך אָן צו שעפּן, קוקט.)

**דבורה**

(גנביש)

וואָס קוקסטו?..

**ברק**

ווי דו שפּיגלסט זיך...

**דבורה**

און זיך זעסטו ניט?

**ברק**

יאָ.

**דבורה**

שפּיגלען מיר זיך ביידע...

**ברק**

קענן וואָס זאָגסטו דאָס?

**דבורה**

קעגן דעם, וואָס מיר שפּיגלען זיך...

ברק

אַזוי...

דבורה

און ווען ס'ווען נאָך שפּיגלט דער קוואַל?

ברק

(מיט געמאַכטער שטיפעריקייט)

אונדז, אי די ביימער, אי דעם הימל,
און די אייגענע ברעגן...

דבורה

און די נאַכט?

ברק

די נאַכט?...
(קוקט.)
די נאַכט אויך...

דבורה

און זיך?

ברק

וואָס זיך?

דבורה

און זיך אַליין — שפּיגלט דער קוואַל?...

ברק

(קוקט אין קוואַל: זי נייגט צו איר קאָפּ צו זיין קאָפּ)

ווי קען אַ קוואַל זיך אַליין שפּיגלען?

דבורה

(גיט אַ הייב דעם קאָפּ)

געדענק דאָס, ברק, ווי אַלץ שפּיגלט דער קוואַל
און שפּיגלט אַליין זיך ניט אָפּ...

ברק

זע נאָר, זע, מיט וואָס פאַר אַן ערנסט...
(נעמט אַראָפּ פון זיך די אבאיע, שפּרייט אונטער — זעצן זיך. ברק — אַ קנאָכיקע געשטאַלט, בלייבט אָנגעטאָן אין קורצע הייזקעס, וואָס שפּיצן זיך

אַרום זיינע מעכטיקע קני, איבער דעם א כתנית חערמיל־רויט. א בערדעלע, ווי געשאָחערט קנוילנדיק, אַרום זיין בייניקן פּנים. א שחערד הענגט אים צו דער זייט.)

**דבורה**

מיר זיצן דאָ, ווי קינדער אין אַ וואַלד,
און זעען זאַכן מיט פאַרגרעסערטע אויגן...

**ברק**
(הייבט זיך אויף)

זאָל נאָר אַ לייב קומען,
וועסטו זען, צי איך בין א קינד...
(כאַפּט זיך אינסטינקטיוו פאַר דער שווערד.)

**דבורה**

לאָז צו רו די שווערד,
דער לייב איז נאָך ניט געקומען...
(לאַכט.)

**ברק**

אָבער, אַז ער וועט קומען?

**דבורה**
(לאַכט)

וועט, וועט ער זיין...

**ברק**

וועט ער ניט אַוועקגיין!

**דבורה**

ער וועט ניט?

**ברק**

ווייל איך בין דאָ!..

**דבורה**

נו יאָ, א גיבור ביסטו.
אָבער א לייב ווייסט דאָך ניט.

**ברק**

וועט ער דערפילן...

**דבורה**

דיין גבורה מיינסט?...

**ברק**

און ליג ביי דיינע פיס...

**דבורה**

ווי א יינגל...

**ברק**

אַ יינגל? — איך בין שוין אַלט...

**דבורה**

(גלעט אים זיינע לאָקן, חאָס זיינען פּייכט און גלאַנציק, כוואַליען זיך אויף זיין נאַקן אַראָפּ. קוקט אים אין די אויגן)

אַ, אָ, ווי אַלט...
ווו איז אַוועק דער רויך פון דיינע אויגן, ברק?
ווי קוילן האָבן זיי זיך גערויכערט און געגליט!
איצט גלאַנצן זיי ווי די שוואַרצע קאַרשן...
און די באַקן אַזעלכע בייניקע,
אַזעלכע פאַררויטלטע געוואָרן,
(גלעט זיי.)
אַזא פרישקייט אין דיר, ברק,
אַזא געזונטקייט...

**ברק**

מיט שטיין-שטויב פון די בערג,
מיט צער פון עמק — בין איך צו דיר געקומען.
(לייגט זיך ביי אירע פיס.)
עס איז אַזוי גוט נעבן דיר, דבורה...

**דבורה**

(גיט זיך אַ הייב)

גוט...

**ברק**

(זעצט זיך אויף)

נאָר מיט צאָרן האָט מיין האַרץ געקראַמפּט,
געפילט נאָר, ווי צו פאָכען מיטן שווערד:
ארומגעיאָגט זיך מיט די יונגען אין די בערג,
און נאָר געפעכט — נאָר מלחמה:
געהאָפט אויפן טאָג,
אָפּצורעכענען זיך מיט סיסראָן.

(בייט דעם טאָן.)

איך האָב געוווסט, וואָס איך טו.
ווערן אַ קאָמאַנדיר פון חייל אין נפתלי...

**דבורה**

(דערשראָקן)

און איצט, און איצט?

**ברק**

אַזאַ ליכטיקייט האָסטו אין מיר אַריינגעהויכט,
וואָס ברייטערט, צעברייטערט מיך,
און זינגט אָן קלאַנגען —
עס איז אַזוי גוט, דבורה...

**דבורה**

ברק, געדענקסט וואָס דו האָסט צו מיר געזאָגט?

**ברק**

וואָס, דבורה?

**דבורה**

מיין וואָרט, פארבאָרגענעם, האָסטו געזאָגט.

**ברק**

ווען?

**דבורה**

ווען דו ביסט צום ערשטן מאָל געקומען צו מיר.

**ברק**

וואָס זשע האָב איך געזאָגט?

**דבורה**

אַלע פלאַמען, פאַר דער גאולה פון פאָלק...

**ברק**

וואָס מיינסטו מיט דעם?

**דבורה**

גאָרניט... גאָרניט...

**ברק**

(קוקט, שטויסט זיך אָן)

נביאה, געטלעכע:
מאָן אין מיר האָט איצט מאָן פאַרטריבן...
מאָן אין מיר האָט מאָן פאַריאָגט,
עס איז אַזוי גוט,
איבער אַלץ און אַלעמען, אַזוי גוט —
ביז צום פאַרגיין...

**דבורה**

ברק!

**ברק**

(חי פריער)

כאָטש נעם און שפּיל אוים אויף אַ גאָלדענעם פידל...

(פארציט א ניגונדל, אַזוי פיינלעך־חיותדיק — פרייד פון צער, פאַרגייט זיך אַזש פון התלהבות...)

**דבורה**

כאַפּט אַרום זיין קאָפּ, טוליעט אים צו זיך — שמעקט חילד זיינע האָר — מורמלט)

ווי טוי... ווי פרימאָרגן־טוי...
אַזאַ ריינקייט... אַזאַ פרישקייט...
ווי טוי... ווי פרימאָרגן־טוי...

(שטויסט אים אָפּ פון זיך, כאַפּט אַריין איר פנים אין די הענט, נייגט זיך צו אירע קני. די אַקסלען צוקן...)

**ברק**

(דערשטוינט)

דבורה... די נביאה, ווי—נ—ט ?

**דבורה**

יאָ, פאַר פרייד, ברק.

**ברק**

אַזאַ פרייד, אין צער.

**דבורה**

אין צער די אמתע פרייד,

ווי פון נאַכטיקן חושך, אין פרימאָרגן־בלוי...

**ברק**

ווי רופסטו דאָס מיט אַ נאָמען ?

**דבורה**

צו וואָס אַ נאָמען ?

(ברק לאַכט.)

וואָס לאַכסטו, ברק ?

**ברק**

עס מוז קומען פון שפיגלען זיך...

**דבורה**

און שפיגלט אליין זיך ניט אָפּ !..

(זי לאַכט.)

**ברק**

איז וואָס זשע לאַכסטו ?

**דבורה**

וואָס איך לאַך ?

אפשר פון טפשות...

און אפשר פון פקחות —

אָדער ביידע !..

**ברק**

עס איז גוט אַזאַ טפשות :

ביז שירה זינגען דערהייבט דאָס...

**דבורה**

(ערנסט)

עליות-נשמה, ברק!

**ברק**

און שפּיגלט אַליין זיך ניט אָפּ...

**דבורה**

(שאַלט אַרויס)

ווי גאָט, וואָס שפּיגלט אַלע וועלטן,
און שפּיגלט אַליין זיך ניט אָפּ...

**ברק**

(שטוינט)

עפּעס גרויסעס האָסטו געזאָגט...

**דבורה**

דערפיל, וועסטו דערפילן גאָט!

**ברק**

(שטוינט נאָך אַלץ)

וואַרט, וואַרט, לאָז מיר זען
מיט צוגעמאַכטע אויגן...

**דבורה**

עס איז ניט צום זען,
נאָר צו דערפילן —
ווי דו פילסט לעבן אין זיך!

**ברק**

אַ ציטערניש נעמט מיך אַרום —
אַזוי סודותדיק...

**דבורה**

לעבן איז אַ סוד!

**ברק**

און דער וואָס גיט לעבן?

**דבורה**

איז דאָס לעבן אַליין איין גרויסער סוד!

**ברק**

איך דערפיל זיך, סוד...

**דבורה**

איז אַז דו דערפילסט זיך,
וועסטו באַנעמען — איין גרויס זיין!

**ברק**

אָן אַן אָנהייב, אָן אַ סוף?

**דבורה**

באַנעם, וועסטו דערהייבן ווערן צו דעם
איין גרויס זייַן — גאָט,
וואָס איז פאַרבאָרגן פאַר אונדז.
אָבער דאָס געטלעכע —
קוק, וועסטו זען און באַנעמען.

**ברק**

(קוקט זי אָן, חידושט זיך)

אַזאַ שאַרפקייט אין דיר,
ווי די שניידנדיקע ווייסקייט פון דיין לייַב,
(שפרינגט אָפּ.)

שאַרפער פון שווערד, ביסטו, דבורה!

**דבורה**

שאַרפער?

**ברק**

אַזאַ דינקייט שאַרפט זיך פון דיר,
שניידט זיך אין מיר, ווי שאַרף געביין!

**דבורה**

האָסטו מורא פאר דעם וואָס איך זאָג?

**ברק**

ס'איז ניט אַזוי, וואָס דו זאָגסט!
מיט קאַלטער שאַרפקייט
האָסטו זיך אין מיר אַ שניט געטאָן!..

**דבורה**

ניט נאָר וואָרט איז דבורה,
דבורה איז אויך פלאַם —
קום אהער, ברק.

**ברק**

(זעצט זיך נעבן איר)

פריער איז נעבן דיר אַזוי גוט געווען...

**דבורה**

און איצט?

**ברק**

איך האָב מורא פאַר דיר!

**דבורה**

פאַר אַ לייב האָסטו ניט מורא
און פאַר דבורהן האָסטו מורא...

**ברק**

פאַר דבורהן?
ניין, איך האָב ניט מורא פאַר דבורהן —
פאַר דער נביאה אין דיר,
ווי פאַר אַלץ, וואָס שווערד קען ניט באַקעמפן...

**דבורה**

וואָס זשע איז נבואה?

**ברק**

(מיט שרעק)

זוי מוראַדיק — מוראַדיק...

**דבורה**

מוראַדיק?
נבואה איז חזיון,
ווערן באַהעפט און געניסן.
(נעענטער צו אים.)
פריער קומט שרעק.
דאַן ליבשאַפט, צו ווערן באַהעפט
מיט דאָס געטלעכע פון הימל און ערד.

**ברק**

הייסט עס אַנען — באַגערן:
האָט דאָך אויך סיסראַ באַגערט! —
איז אויך סיסראַ אַ נביאה?

**דבורה**

בעלם נביא — יאָ:
הערשזיכטיק צו זיין און הערשן —
די חרפה פון גאָט!

**ברק**

און אַן אמתער נביא
זעט חזיון פון דערלייזונג
אין אַ בעסערער וועלט?

**דבורה**

לעבן לויט אונדזער חזיון און ווערן דערלייזט!
און דער, וואָס שטערט דאָס לעבן,
שטעלט זיך קעגן גאָט, וואָס גיט לעבן —
דערפאַר דער צאָרן אַזוי גרויס!..

(שטעלט זיך אויף, שפרייזט.)

געבענטשט זאָל זיין דער צאָרן —
געבענטשט דער פלאַם,

וואָס וועט אויסשרפהן
יעדן שטער אין לעבן,
וואָס פירט צו אַ מענטשלעך לעבן אויף דער ערד,
וואָס איז געטלעך.

**ברק**
(גאפט)

דערלייזונג פאַרן לעבן...

**דבורה**

איז די דערלייזונג פון גאָט!

**ברק**

וואַרט, וואַרט, איך וויל דיר נאָך עפּעס פרעגן.

**דבורה**

פרעג ניט מער — קום!
(ברק קוקט זי אָן. דבורה צעלאַכט זיך.)

**ברק**

וואָס לאַכסטו?

**דבורה**

פאַר דיין פחד.
(צעלאַכט זיך הילכיקער.)
דו קוקסט מיך אָן,
וואָס זעסטו?

**ברק**

איך זע דיין געלעכטער,
ווי אַ צעשוימטן שטראָם
אין חושך פון דער נאַכט...

**דבורה**

דו זעסט נאָך אַלץ דבורהן.
קום, וועסטו אויך די נביאה דערזען!

**ברק**
(מורמלט)

אשת לפידות...

**דבורה**

(דערהערט און שאַלט אויס)

יאָ, די פרוי פון פלאַם,

ווי מיין צונאָמען דייט אָן...

ב י ל ד צ ו ו י י

## ביים אוהל מועד

עס טאָגט — נעבלדיקער באַגינען,
צוויי לויים שומרים ביים אוהל
פּלאַפּלען אין דער שטיל, מאַכן הועיות,
אַ בלייכער פּנים באַווייזט זיך צווישן די פּאָרהאַנגען —
פינגער אויף די ליפּן — ששש...
מען הערט אַ שטילן אַמפּערן פון אוהל.
די צוויי, וואָס זיינען געשטאַנען, דרייען זיך אויס,
ריידן אויף שטום-לשון, מאַכן מיט די הענט —
אויגן קוקן זיך אָן, פּנימער צעליכטיקן זיך,
בליקן צינדן זיך אָן — עפּעס טוט זיי הנאה.
אַ בלייך פּנים פון צווישן די פּאָרהאַנגען פון אוהל
גיט זיך אַ באַווייז, באַפעלט זיי עפּעס,
זיי קוקן צום אוהל.
די פּאָרהאַנגען שאַרן זיך פונאַנדער, ווי נאָר דורכצוגיין:
די שבטים-פירער, וואָס האָבן געהאַלטן אַן אַסיפה,
ביז אין טאָג אַריין, שפּאַנען אַרויס,
אַנדערע גייען פאַרוויז, ריידן אין דער שטיל.
אַנדערע שפּאַנען איינציקוויז, פאַרקלערטע.
מען זעט אויך דבורהן און ברקן אַרויסגיין:
שפּאַנענדיקע געשטאַלטן אין נעפּל.

חייל צווישן זיי.
צוויי אַנדערע לוויים שומרים קומען צו,
שטעלן זיך ביים אוהל.
איינער פון זיי, דער העכערער, איז אַ קדשר לוי,
דער צווייטער, אַן אפרימער.

**אפרימער לוי**

און זען האָסטו געזען?

**קדשער לוי**

וואָס געזען?

**אפרימער לוי**

די פנימער פון די שבטים-פירער.
אַלע אַזעלכע פאַרקלערטע —
זיי פילן אַזש אַן די לופט מיט פאַרקלערטקייט,
ווי פאַר אַ שטורעם.

**קדשער לוי**

אפשר וואָלסטו ווינציקער געזען?

**אפרימער לוי**

(חי פריער)

אַזש אַט-אַט, פּלאַצט די לופט פון פאַרקלערטקייט...

**קדשער לוי**

וואָס זשע, די לופט איז ביי דיר אַ קופערנער האַנט-פּאַס,
וואָס וועט פּלאַצן?

**אפרימער לוי**

דו קוק נאָר מיט אַן אינערלעכן אויג פון גייסט, וועסטו זען,
אַז עפּעס איז דאָ אַנגעשטרענגט פון אַזאַ גבורה,
אַז עס מוז פּלאַצן!

**קדשער לוי**

מוז...

**אפרימער לוי**

וואָס זשע מאַכסטו חוזק?
די באַפרייונג פון דער געצנדינערישער פירערשאַפט
איז בלויז אַן אָנהייב געוועזן...

**קדשער לוי**

אַזוי... טאָמער וואָלסטו ווינציקער גערעדט!

**אפרימער לוי**

וואָס זשע, עס איז דען אַ סוד?
סיסראַ מוז אויך וויסן פון דעם...
איך זע אים אפילו
מיט צוגעמאַכטע אויגן, זע איך אים,
ווי ער הויערט איבערן עמק — אַזוי אַ...

(אימיטירט.)

אָנגעשפּאַרט אויף אַלע פיר,
מיט אַ ברייטער שוואַרצער באָרד,
— אַ קאָמפּאַקטער אַזאַ
קוקט, אָפּגעגנויגט אַן אויער,
פּאַרטיק אַ שפּרונג צו טאָן...

**קדשער לוי**

און אַז מען שפּרינגט...

**אפרימער לוי**

איז אָדער מען דערשפּרינגט ניט,
אָדער מען שפּרינגט אַריבער...

**קדשער לוי**

(כאַפּט זיך פאַרן בערדל)

אָדער... אָדער...
און אַז מען שטעלט אַן אַ שפּיז
קעגן שפּרינגער אין מיטן שפּרונג?...

**אפרימער לוי**

ווערט אויס שפּרינגער,

אין מיטן שפרונג...

**קדשער לוי**

און גליל קען אָנשטעלן אַ שפּיז ?..

**אפרימער לוי**

(מיט הנאה)

אָ, גליל...

**קדשער לוי**

איז וואָס זשע האָסטו געמורמלט,
וואָס מען האָט געבראַכט דעם משכן אין קדש !

**אפרימער לוי**

געמורמלט... איך האָב נאָר געזאָגט,
ניט אַלע קענען גיין אַזוי ווייט
אויף יום-טוב.

**קדשער לוי**

(געהיימפול)

די וואָס קענען ניט גיין,
זאָלן זיצן אין דער היים —
מיר דאַרפן נאָר אַזעלכע, וואָס קענען גיין...

**אפרימער לוי**

(כאַפּט אויף דעם חונק)

אַזוי... אַזוי...

**קדשער לוי**

חכם פון אפרים, פאַרשטייסטו שוין ?...
און חוץ מזה — איז קדש אויך אַ הייליק שטאָט.
און גליל מעג אויך האָבן
דעם משכן צו אַ יום-טוב,
בפרט איצט, ווען
מיר האָבן זיך באַפרייט
פון דער געצנדינערישער פירערשאַפט
(פאַרקראַמפּט אַ פויסט.)

אַ, די אייגענע עבודה-זרהניקעס — טריף,
חזיר-טריף!..

**אפרימער לוי**

די לויים אין קדש האָבן געמוזט אַנגסטן
אונטער זייער פירערשאַפט.

**קדשער לוי**

נאָר די לויים!

**אפרימער לוי**

איז וואָס זשע האָט איר אַזוי לאַנג געשוויגן?

**קדשער לוי**

געשוויגן?..
געשאָלטן, ווי די מכשפות, אין דער שטיל,
און ווער ס'האָט זיך הויך אָפּגערופן,
האָט מען באַשטראָפט — אומגעבראַכט —
ביז די נביאה דבורה איז געקומען...

**אפרימער לוי**
(מיט הנאה)

אונדזער דבורה, די געטלעכע נביאה,

**קדשער לוי**

און אונדזער ברק...

**אפרימער לוי**

איך זאָג דען עפּעס אויף ברקן?

**קדשער לוי**
(מיט התפּעלות)

הערסט, ס'איז אַזוי פּשוט געווען:
פּשוטער ווי דו מיינסט...
די נביאה איז געקומען,
אַפילו אין קדש ניט באַוויזן זיך,
נאָר אין געהיים, ביי אימעצן אין די בערג...

**אפרימער לוי**

און ?..

**קדשער לוי**

און צום בעל-חגה זייערן
קומט אַן ברק מיט זיינע יונגען:
שפּרינגט אַרויף אויפן מזבח פון בעל,
מיט זיין שווערד אין האַנט — שאַלט אוים:
גענוג קרבנות צום בעל!
האָט די ערד אַ ציטער געטאָן...
זיין קול האָט אָפּגעהילכט אין די בערג,
אַזש דער הימל האָט זיך אַ וואַקל געטאָן
איבער זיין קאָפּ.
און די נביאה האָט געמשפּט,
און דאָס פאָלק האָט פאַרמשפּט —
זיינען זיי געוואָרן אוים!..

**אפרימער לוי**

איז וואָס זשע איז פון זיי געוואָרן?

**קדשער לוי**
(כאַפּט זיך פאַרן בערדל)

אַז זיי זיינען געווען
און געוואָרן אוים —
וואַקסט שוין ווילד-גראָז
אויף זייערע קברים!..

**אפרימער לוי**

איך מיין די, וואָס זיינען געבליבן לעבן.
צי זיי זיינען נאָך געצנדינער,
צי זיי גלייבן נאָך אין בעל...

**קדשער לוי**

חכם פון אפרים —

אַז זיי זיינען געוואָרן אויס באַלעבאַטים,
וואָס טויג זיי שוין בעל ?..
ווייל די דינערשאַפט פון בעל
איז די פאַרקנעכטשאַפט צו מענטש !

(זון גייט אויף, שטאָט דערוואַכט מיט געזאַנג און גערודער.
אַ וואַסער־טרעגערקומט אָן, טראָגט וואַסער אין אַ קרוג, אויפן אקסל.)

**וואַסער־טרעגער**

חג האָסיף.. חג האָסיף...
ז מ מ מ ן, חרותינו...

(שפּאַנט טענצלדיק, טראָגט צו און גיסט אַריין אין האַנטפאַס, וואָס שטייט
ביים אוהל, און זינגט גיסנדיק.)

ז מ מ מ ן שמחתינו...
(קוקט צו די לויים.)
גוט יום־טוב, לויים.

**לויים**

גוט יום־טוב, לוי.

**וואַסער־טרעגער**

איר ווייסט, לויים,
א פאָלקס־אַסיפה מוצאי יום־טוב.
(מער צו זיך.)
וועט זיך דאָס אין אָוונט א קאָך־טאָן !
בא סיסראָן וועט אַזש די באָרד א ציטער טאָן...

**קדשער לוי**

ערשט די אסיפה פון די פירער געווען
און מען ווייסט שוין...

**וואַסער־טרעגער**

(דערנענטערט זיך)
וואָס הייסט, מען ווייס שוין ?
מיר האָבן דאכט זיך געוווסט,
איידער מען האָט נאָך געוווסט...

**אפרימער לוי**

וואָס הייסט?

**וואַסער־טרעגער**

(נייגט זיך, דרייט מיט אַ פינגער)

ווייל אַ ייד דאַרף וויסן,
איידער מען ווייסט...

**קדשער לוי**

(קוקט אים אָן)

דו האָסט געטרונקען וויין?

**וואַסער־טרעגער**

און אַז געטרונקען?
(גיט אַ שפּאַן.)
לוויים זיינען מיר?

**לוויים**

מיר זיינען!

**וואַסער־טרעגער**

דאַרפן מיר טרינקען און זינגען.
בפרט צו אַזאַ יום־טוב —
איז אַן עברה ניכטער צו זיין...
(צעזינגט זיך.)
חג האָסיף... חג האָסיף...
זמממן חרותינו...
זמממן שמחתנו!

**קדשער לוי**

זמממן חרותינו...

**וואַסער־טרעגער**

(צום אפרימער לוי)

וואָס ווייסט איר אין אפרים,
אַז ביי אייך איז דאָך יום־טוב — יום־טוב!
און מיר האָבן וואָך געהאַט — כולו וואָך!

איז טאַקע איצט ביי אונדז יום-טוב — יום-טוב!
(צעזינגט זיך.)
ז מ מ מ ן שמחתינו...

קדשער לוי

ריכטיק... ריכטיק...
דעם אמת זאָגסטו, לוי.

וואַסער-טרעגער
(נייגט זיך און דרייט זיך)

און צוריק גערעדט,
ווען דו זאָלסט ביי אַ לוי
אַלץ צונעמען...
האָסטו ביי אים גאָרניט צוגענומען,
ווייל זיין גלויבן, זיין גאָט,
וועסטו ביי אים ניט צונעמען!
(צעזינגט זיך, חיגנדיק, טענצלדיק, פאַר התפּעלות.)
איז שירו לאדוישעם, שיר חדש,
שירו, שירו, שירו — שיר...
(פון דערבייאיקע גאסן דערטראָגט זיך געזאַנג, שפּרודלדיקע פרייד — ליכטיקער יום-טוב.)

קדשער לוי

קדיש זינגט...

וואַסער-טרעגער

און וועט מאָרגן אויך זינגען, ווייל...
(צעזינגט זיך, מיטן קרוג אויפן אַקסל.)
וואָס זשע טוט אַ ייד פון שמחה?
נעמט ער אַ כוסע פאַר שמחה.
און טרינקט ער אַ כוסע פון שמחה,
צעזינגט ער זיך שירה פאַר שמחה,
און צעזינגט ער זיך שירה פון שמחה —
גייט ער אַ רקודל פאַר שמחה.
מיטן פּנים אין פרייד,

מיטן פנים אין פרייד,

טאַנצט אַ ייד אַ רקודל פאַר שמחה.

(טאנצט אַוועק, מיטן קרוג אויפן אַקסל,

און שטויסט זיך אָן ביים אַרויסגאַנג אין בן אדם.)

**בן אָדם**

(א צעשטראַלטער)

קומסט מיר אַנטקעגן מיט ליידיקן,

און איך מיט אַ פולן האַרץ.

(צו די לויים.)

איר הערט, לויים, אַ פולע האַרץ...

**וואַסער־טרעגער**

מיט וויין?

**בן אָדם**

שיכור און נישט פון וויין:

ס׳איז אי פריילעך, אי אומעטיק,

ניט אויסצוהאַלטן...

**וואַסער־טרעגער**

טו אַזוי, ווי איך:

פאַרשיכור דעם אומעט

און טאַנץ אויס די פרייד...

(טאנצט אַוועק מיטן קרוג. — אָפּ.)

**בן אָדם**

(קוקט אים נאָך)

דו טרינקסט אָן די מענטשן מיט וואַסער,

און איך טרינק אָן דאָס האַרץ פון מענטשן

מיט שירה...

**קדשער לוי**

א האָז דערקענט א האָז...

(צו בן אָדמען.)

דיינער א מענטש, בן אָדם.

דו לערן אים אויס דיינע שירים,

וועט ער זיי אויסזינגען און אויסטאַנצן —
דיינער א מענטש, בן אדם...

**בן אָדם**

מענטשן זייגען מענטשן.
מיינע מענטשן!..
(געזאַנג פון שטאָט דערטראָגט זיך. ער הערט זיך צו.)
ווי זיי זינגען, ווי זיי פרייען זיך,
אַ שטאָט זינגט.
און זון באַגילט — גינ—גאָ—לד...
און זון באַקרוינט —
(פאַרקלערט זיך.)
מענטשן מיינע... מענטשן מיינע...

**קדשער לוי**

איז וואָס קימערט דיך?

**בן אָדם**

(גיט זיך א כאַפּ)

גאָרניט... גאָרניט...
טייל מאָל ווערט אַזוי אומעטיק,
ביי די פרייליכסטע געזאַנגען...
נו, אַזוי איז שוין מיט מיר...
(בייט דעם טאָן.)
איר הערט, לוויים:
וויפל שטערן אין הימל,
אַזוי פיל געזאַנגען אין האַרצן,
און ווילן זיך אויסזינגען —
געזאַנג, ניט אויסצוהאַלטן...

**אפרימער לוי**

איז פאַר וואָס זשע זינגסטו ניט אַרויס,
מיר, לוויים, אָנען נאָך געזאַנגען,
צו דער עבודה פון משכן.

**בן אָדם**

עס איז דען אויסצווזיינגען —
אַ צעזונגענער גיי איך אַרום,
געזאַנגען שלאָגן זיך אין קעל
און זינגען אין האַרצן אַראָפּ —
ניט אויסצוהאַלטן...

**אפרימער לוי**

הערט דאָך אַבער קיינער ניט...

**בן אָדם**

זע, ווערסטו דערהערן,
און אַז דו וועסט דערהערן,
וועסטו באמת זען...

**קדשער לוי**

אַ, וואָס דו רעדסט?..

**בן אָדם**

אַלץ וואָס לעבט — זינגט.
קוק נאָר און באַנעם,
וועסטו הערן.
די שטערן אַפילו אין הימל,
ווען דו זעסט זיי פינקלען...
הערסטו אַ קלינגען פון גאָלדענע גלעקלעך...

**קדשער לוי**

אַ, וואָס דו רעדסט?..

**אפרימער לוי**

דו האָסט ליב גאָטס וועלט,
דו האָסט ליב די מענטשן —
זינגען זיי ביי דיר...

**בן אָדם**
(מיט התפּעלות)

טעם גן־עדן, ליב צו האָבן מענטשן.
טעם גן־עדן!
פילסט ווי זיי וואַקסן,
וויביימער אין וואַלד,
ווי בלומען אין גאָרטן.
און טראַמפּלען דורך דיר
מיט פרייד פון זײַן —
אין צייטן, אין אייביקייטן:
פריש, געזונט — גרינען און בליען
מיט זון, מיט ליכט — צייטיקן.
און דו פילסט, ווי דו וואַקסט פון זיי אַרויס,
וואָס גיבן דיר יניקה.
וואַרעמקייט און חיות — טעם גן־עדן.

**אפרימער לוי**

איך פאַרגין דיר די הנאה.

**בן אָדם**

הנאה...
וואַרט, וואַרט, ווי זאָל איך דיר זאָגן?
ווי זאָל איך דיר געבן צו פאַרשטיין?
אָט וועל איך דיר אויסזינגען
אויף א טיפן טאָן פון האַרצן,
ווי אויף אַ דיקער סטרונע פון אַ כינור...
(פאַרציט אַ ניגון.)
געזאַנג פון גאַס פּלייצט, פאַרפּלייצט,
און ער זינגט, זינגט פון האַרצן אַרויס,
שטיקער האַרץ אַרויס — פאַרגייט זיך אַזש.
(פאַלט צו צום באָדן, עקזאַלטירט.)
ערד, גיב נאַרונג!
הימל, גיב רעגן!

גאָט, גיב לעבן!
פאַר די מענטשן,
דיינע קינדער —
מיינע ברידער.

**אפרימער לוי**
(נעמט אים אַן פאַרן אָרעם)

שטיי אויף, בן אָדם!

**בן אָדם**
(מורמלט)

געוואָלט זיך פאַרזינגען...
פאַררײַדן און פאַרגעסן
דעם צער זייערן...
דעם צער, וואָס שרפהט דאָס האַרץ!
(שרייט אויס.)
אויך דאָס וועלן זיי איבערלעבן!
פאָלק איז אייביקער ווי דאָס שלעכטס!

**אפרימער לוי**

אוודאי, בן אָדם, אוודאי:
פאָלק איז אייביקער ווי דאָס שלעכטס.

**בן אָדם**
(אין זיין זיניקן טאָן)

גאָט האָט זיי ליבער ווי יחידים,
זיי באַשאַפט ער אַממערסטן —
אַזוי זאָלן זיי זיך מערן און מערן.

**קדשער לוי**

אַז גאָט האָט זיי ליבער,
פאַר וואָס ברענגט ער אויף זיי
הריגות, מלחמות, חרמות?

**בן אָדם**
(וואָס האָט זיך אויסגעהיט צו ריידן וועגן דעם און איינגעהאַלטן
דעם צאָרן — פראַלט אַרויס)

א פאַרשטייעניש דיינע!
גאָט, וואָס גיט לעבן,
ברענגט הריגות?
א פאַרשטייעניש דיינע — — — גאָט!

**קדשער לוי**

נו יאָ, ווער קען פאַרשטיין?..

**בן אָדם**

(פּלאַצט אַרויס)

דאָס זיינען אָט די,
פון די — אָט דער,
וואָס הויערט איבער עמך!
און האַלט אַ שווערד איבערן פאָלקס האַלדז.

(שרייט אויס.)

צי ווייסט איר, וואָס דערוואַרט!

**קדשער לוי**

יאָ, מלחמה,
קאַמף פאַר באַפרייונג!

**בן אָדם**

(יללהדיק)

בלוט, זידנדיק בלוט...
ביז טויט — לעצטן אָטעם!
צי פאַרנעמסטו דעם לעצטן אָטעם פון אַ גוסס?
צי פילסטו די ברענענדיקע ווונדן אויף דיין לייב?
בלוט... מענטשלעך בלוט!
און מאַמע-ערד וועט זאַפּן,
הימל וועט אַראָפּקוקן און שווייגן,
זון וועט אַראָפּלויכטן, זידן און זאָגן —
קוק, בן אָדם, קוק!

(שרייט אויס.)

גאָט האָט געשוואָרן,

אַז מער קיין מבול וועט ער ניט אראָפּברענגען אויף דער ערד;
ברענגען אראָפּ די מענטשן אַליין
אַ מבול פון בלוט און פייער אויף מענטשלעכע קעפּ!

**קדשער לוי**

מען מוז זיך דאָך אָבער באַפרייען.
און פון הערשער בלוטיקע
צאָלט מען מיט בלוט...

**אפרימער לוי**

גרויל... גרויל...

**בן אָדם**

(יללהדיק)

גרויל... צי גרוילט עס דיר אַזוי,
אַז דו לויפסט אַרום פאַרווירט,
און ווי אַ האָרדע שאַקאַלן
וואָלט געוואָיעט דיין הארץ.
ווילסטו אַנטרינען אין מדבר,
רופן זיי דיך צוריק,
און קומסטו צוריק,
ווילסטו אַנטרינען אין מדבר, —
צעוואָיען זיך, ווי אַ שאַקאַל,
צעברומען זיך, ווי אַ לייב —
ביינאַכט, אַליין אין מדבר...

**אפרימער לוי**

האַלט איין דיין צער, בן אדם.

**בן אָדם**

אַ, צער, צאָרנדיקער,
נידערן זיי אין עמק,
בלוטיקן זיי.
דערהייבן זיי זיך פון עמק,

בלוטיקן זיי!
הימל, הימל! —
מענטשן, מיינע ברידער בלוטיקן!
(לויפט, ווי פאַרווירט, צום אוהל, ציט די פאָרהאַנגען.)
גאָט, פאַרשאָלטן אויף אייביק,
פאַר אַלע צייטן,
די וואָס הייבן אַ שווערד אויף מיין פאָלק!
(ווערט אַפּהענטיק.)
ווער בין איך און וואָס בין איך,
צו משפטן
(שרייט אויס.)
גאָט, משפט דו די שונאים
פון דיין פאָלק.
(היל אַריין אין אוהל, שטויסט ער זיך אָן אויף אַ מענטשן אינעווייניק.)

**דער מענטש**

בן אָדם! בן אָדם!

**בן אָדם**

(דרייט זיך אויס אויף צוריק, וואַקלט גייענדיק)
געוואָלט זיך פאַרזינגען...
פאַררייזן, פאַרגעסן...
איז ווי? נו, ווי?
צער מיינער!
צער, צאָרנדיקער מיינער!
(געזאַנגען פון גאַס פּלייצן, פארפלייצן. בן אָדם וואַקלט אַרויסצוגיין.)
ווי זיי זינגען...
ווי זיי רופן...
ווי זיי קלעמען...
ווי זיי פרייען...
מענטשן מיינע... מענטשן מיינע...
(גיט אַ וויכער, שטרעקט די האַנט אויס צום הימל און שאַלט אַרויס.)
גאָט, נעם מיך פאַר אַ קרבן,

פֿאַר מיין פֿאָלק...
און זאָלן די פֿונקען פֿון ברענענדיקן דאָרן
צעצינדן אַ שריפֿה אונטער דער זון,
אויסצושרפֿהן די רשעות פֿון דער ערד.
(שפּאַנט הינטערווײילעכץ, ארויסצוגיין, און שטויסט זיך אָן אין וואַסער־טרעגער,
וואָס בלייבט שטיין מיטן קרוג אויפֿן אַקסל, און באַגלייט אים מיט אַ בליק...)

ב י ל ד  ד ר י י

# אין אוהל מועד

אין אוהל מועד, די שבטים־פירער,
פאַראייניקט, דערקלערן קריג דעם שונא

**שטימען פון פאָלק**

(אין אוהל מועד און אַרום אוהל מועד)

— קריג דער חיה־רעה!
— קריג דעם שונא, דעם הונט!
— פאַרשנייַדן דעם שונא, עד חרמה!

**ברק**

(גיט זיך אַ שטעל אין פולער פּראַכט)

לויט אייַער באַפעל, פירער פון ישראל!

**שטימען פון פאָלק**

— פאַנג דיין געפאַנג, בן אבינעם!
— זאָל דיין שווערד פרעסן זיין פלייש,
ווי ער האָט אונדז געפרעסן!
— זאָל דיין שווערד זויפן זיין בלוט,
ווי ער האָט אונדז געזויפן!
— פלאַם זאָל שלינגען פלאַם,
אויסצעשרפהן די פינצטערע ממשלה איבער אונדז!
— צוואַנציק יאָר פינצטערער קנעכטשאַפט!!! צוואַנציק
בלוטיקע יאָר!!!

**ברק**

(ווי פריער)

לויט אייער באַפעל, פירערשאַפט פון ישראל !

(דבורה שטעלט זיך אויף, צו האַלטן איר שלום־רעדע. גאָלדענע זײַלן, שטומע עצות אַרום איר. אין היגטערגרונט פון אוהל דער פרוכת, וואָס פאַרהענגט דעם ארון מיט די כרובים. די מנורה אַ צעצונדענע. דער מזבח רויכערט זיך. דער גאָלדענער מזבח, פאַרן פרוכת, וו עס רויכערט זיך דער ווײַרעך. דבורה, אין ווײַסן געהילט, בלענדיק ווײַס צעבליט, וואַקסט אַרויס פון דעם ווײַרעך־רויך, ווי פון אַ וואָלקן.)

**שטימען פון פאָלק**

— הידד, הידד !

— די נביאה פון גאָט,

די געטלעכע נביאה !

— געבענטשט די אויגן,

וואָס זעען דיך !

— געבענטשט די אויערן,

וואָס הערן דיך !

— די נביאה פון גאָט,

די געטלעכע דבורה !

— הידד, הידד !

— הידד, הידד !

**דבורה**

(אין איר פולער פראַכט. איר קול הילכט, ווי אַ גלאָק)

אַז דאָס פאָלק האָט זיך צו אחדות דערהויבן,

אַז דאָס פאָלק באָט זיך פרייוויליק אָן —

האָט זיך דאָס פאָלק צו גאָט דערהויבן !

**שטימען פון פאָלק**

הידד, הידד !

**דבורה**

הייבט איר, טויערן, אייערע קעפּ.

גאַנץ פאָלק גייט דורך —
פון פינצטערניש צו ליכט!
פון קנעכטשאַפט, צו פרייהייט!

**שטימען פון פאָלק**

הידד, הידד!

**דבורה**

אַז דאָס פאָלק האָט זיך דערקאַנט,
אַז דאָס פאָלק האָט דערפילט זיין גבורה —
האָט דאָס פאָלק גאַנץ דערקאַנט!
העי, איר פאָלקס פאַררעטער,
דאַרן אין פאָלקס אויג!
גאַנץ צאָרן האָט אויפגעפלאַמט,
און לענדט אייך — לענדט!
און בראַנדיקט — בראַנדט —
אייער אונטערגאַנג!

**שטימען פון פאָלק**

הידד, הידד!

**דבורה**

עס ציטערט די ערד
און וועט נאָך ציטערן!
עס פלאַמט דער פלאַם,
בראַנדיקן, בראַנדיקן!
ווער איז ניט מיט אונדז,
איז מיט סיסראַן —
פאַררעטער, קום אַרויס!

**שטימען פון פאָלק**

(שפּרינגט אויף, אַ חיכערניש, אַ פּלאַטערניש)

— העי, פאַררעטער, העי פאַררעטער —
ווער פאַרראַט!

(דערנעענטערן זיך צו דבורהן, שטרעקן הענט.)

— קיינער. קיינער וועט פאַרראַטן —

זיכער אונדזער טראָט!

**דבורה**

געהייליקט איז דאָס פאָלק צום קאַמף!

**שטימען פון פאָלק**

מיר זיינען גרייט צום קאַמף!

**אַ קול**

שאַרט פונאַנדער דעם פּרוכת,

**דבורה**

שאַרט פונאַנדער דעם פּרוכת,

גאָט איז מיטן פאָלק!

גאָט איז מיט אונדז.

פאַר זיין קאַמף! פאַר זיין באַפרייונג!

(אַ טומל אין פאָלק. אַנדערע ציען דעם פּרוכת, צו אַנטפּלעקן דעם ארון מיט די כרובים.)

**שטימען פון פאָלק**

— ציטער ערד!

— פלאַטערט הימלען —

גאָטס צאָרן האָט אויפגעפלאַמט!

אויסצושרפהן אַלע שונאים!

**כהן**

(מיט פחד)

נביאה, זיי זאָלן ניט פאַרשוועכן!

**דבורה**

כהן, זיי פאַרהייליקן!

(דער פּרוכת שאַרט זיך, דער ארון מיט די כרובים, וואָס איז צוגעדעקט מיט אַ דעקע, לויטן דין, ווערט אַנטפּלעקט פאַרן פאָלק — פחד פאַלט. אַ ווײלע פאַרגייט אין באַנומענעם שווייגן. און עס שטרעקן זיך הענט, אַ וואַלד מיט הענט.)

**שטימען פון פאָלק**

קדשי־קדשים! קדשי־קדשים!

די לוחות הברית...

די לוחות הברית...

(פאָלק פאַרגייגט זיך מיט שטרעקנדיקע הענט,
בוקט זיך צום ארון, מיט די כרובים.)

**דבורה**

(שאלט איבער זייערע קעפּ)

געהייליקט איז דאָס פאָלק צום קאַמף!
און הייליק איז די ערד,
אויף וואָס דאָס פאָלק בלוטיקט — פאַר זיין באַפרייונג!

(פיר כהנים הייבן דעם ארון פאַר די גאָלדענע שטאַנגען
און לייגן אים אויף די אַקסלען. דער ארון בלייבט צוגעדעקט.)

**דבורה**

גאָטס פאָלק, שטיי אויף צום קאַמף
פאַר דיין גאָט, פאַר דיין פרייַהייט!
צו לעבן דאָס לעבן
אויף דער הייליקער ערד פון די אָבות.

(די כהנים, וואָס האַלטן דעם ארון אויף די אַקסלען, הייבן אָן שפּאַנען. דאָס
פאָלק גיט אינסטינקטיוו אַ שאַר הינטערוויילעכץ. די כהנים שפּאַנען, טראָגנדיק
דעם ארון, און דאָס פאָלק פאָלגט זיי נאָך.)

**מעכטיקער געזאַנג**

מיט פאַנצער און בויגן,
פאַר גאָט, אונדזער גלויבן,
הייבט הויך דעם קאָפּ ישראל.
מיט פאַנצער און בויגן,
פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט,
טראָגט הויך דעם קאָפּ ישראל.

**בן אָדם**

(שטייענדיק אויפן האַנטפּאַס, שטרעקט אַ האַנט)

משפט פון פאָלק איז משפט פון גאָט!

(אַ שופר שאלט)

# צווייטער טייל

## בילד פיר

### אויפן בארג תבור

צווישן פעלדזן אויפן באַרג תבור.
לאַגער פון קריגס־ראַט — לייווונטענע געצעלטן אַרום.
וועכטער אויף די שפּיצן פון די פעלדזן
שטייען ווי סטאַטועס מיט פּאַנצער און פּיק —
קוקן אין ווייט.
ס'איז נאַכט כמורנע. דער הימל איז בייז,
ווי פאַר אַ שטורעם.
זעלנער איילן זיך צום קריגס־ראַט, לינקס.
גייען פאַרביי דבורהס געצעלט,
אַנדערע איילן צוריק.
דבורה זיצט אין געצעלט, ביים אַריינגאַנג,
דרימלט מיט חאַכיקע חושים.
אַן אייל־לעמפּל ברענט, דאָס פלעמל טוקט זיך,
וואַרפט שאָטנס.
אַ יונגער זעלנער שמרי קומט צו,
שטעלט זיך ביי דבורהס געצעלט:
ער קוקט זי אָן, ווי זי זיצט אַזוי,
אין 'שחאַרצן געהילט — איר פּנים העלט אַרויס.

**דבורה**

ברענגסט אַן אָנזאָג?

**שמרי**

אונדזערע אויסקוקערס האָבן געבראַכט אַן אָנזאָג,
דער שונא דערנענטערט זיך צום באַרג...

**דבורה**
(גיט זיך אַ כאַפּ)

דערנענטערט זיך?..
איז דער געצעלט פון קריגס־ראַט פאַרצויגן?

**שמרי**
(קוקט)

נאָך פאַרצויגן:
(אין אַ באַזונדערן טאָן.)
ס׳איז וויל געפּעלן אין די אויגן פון קריגס־ראַט,
אָנצוהייבן די שלאַכט דאָ, אויפן באַרג...

**דבורה**

אַן עדות זאָל זיין דער תבור.
אַן אָנזאָג פאַר אַלע צייטן.
אז אַט דאָ־אָ האָבן מיר געקעמפט
פאַר אונדזער רעכט, צו לעבן דאָס לעבן
אין לאַנד פון די אָבות.

**שמרי**

מיר וועלן ניט פאַרשווייכן, נביאה:
אַז דער צאָרן פון צו זיין פאַרקנעכט,
האָט זיך צעפלאַמט אין הארצן,
ווי א העלישער פייער —
ברענען אונדזערע הענט צום קאַמף...

**דבורה**

גוט האָסטו געזאָגט, חיל.
ווי א העלישע שריפה.
און דאָס איז דער הייליקער פלאַם,
וואָס פלאַמט פאַר דעם רעכט,
צו לעבן דאָס לעבן!

**שמרי**

אַזא חרפּה פון צו זיין פאַרקנעכט,

אזא בושה!
(בייט דעם טאָן.)
ווען איך בין לעצטנס דורכגעגאַנגען דעם עמק,
צו מיין פאָטערס הויז,
טרעף איך אָן מיין ברודער צוגעשפּאַנט צו אַן אייזל,
שלעפּנדיק אַן אַקער,
און דער כנעני טרייבט מיט אַ בייטש,
און מיין ברודער, ווי דאָס אייזל שלעפּט...
בין איך צוגעגאַנגען צו דעם כנעני, אַזוי צו זאָגן:
פאַר וואָס דערהרגעסטו אים ניט...
פרעגט ער, וועמען?
זאָג איך: — מיין ברודער!
קוקט ער מיך אָן, ווי ער וואָלט זאָגן:
ווער זשע וועט שלעפּן מיין אַקער?..

**דבורה**

נו, נו?..

**שמרי**

און מיין ברודער, אַזוי נבזהדיק,
דרייט זיך און ווערט זיך, אַ געשלאָגענער,
האָב איך אַ שפּיי געטאָן און אוועק.
(פאַרטראַכט זיך.)
זאָל מיר נביאה מוחל זיין,
אַזוי איז דאָס געווען...

**דבורה**

פאַר וואָס האָסטו געשפּיגן!..

**שמרי**

פאַר וואָס?..
פאַר וואָס האָט ער ניט געכאַפּט אַ שטיין
און געפּלעט דעם כנעני דעם מוח —

אזא נבזה!..

דבורה

(שטעלט זיך אויף, הייבט אָן האַסטיק צו שפּאַנען איבערן געצעלט)

אונדזער שבט, אונדזער יששכר,
ווי אַן אייזל צו לאַסט!

שמרי

די נביאה וועט זען,
מיט די אייגענע אויגן וועט די נביאה זען.
אַז רעכענען, וועלן מיר זיך רעכענען מיט זיי,
א סך פון אונדז זײַנען פון קנעכטשאַפט אַנטרונען
אין נפתלים חיל אַרײַן, צו לערנען געפעכט:
איצט וועט אונדז צו נוץ קומען...

(ער גיט א דרייסטן שפּאַן און בלײַבט שטיין. קוקט: פון צווישן די פעלדזן באַוויַיזט זיך אַ פרויען־געשטאַלט, רײַטנדיק אויף אַן אייזעלע, צוויי זעלנער גייען נאָך און איינער פירט דאָס אייזל.)

שמרי

(בלײַבט שטיין, ווי צו פאַרשטעלן דבורהן)

ווער קומט?

זעלנער

(דערנענטערט זיך)

די פרוי איז צוגעקומען צו אונדזערע רייען,
געזאָגט, זי וויל וואָס אָנזאָגן אונדזערע פירער,
האָבן מיר זי אַזוי געפירט אַהער.

דבורה

(קוקט זי אָן פאַרדעכטיקט — באַפעלט)

פירט זי אַרײַן אין מײַן געצעלט!

(די פרוי שפּרינגט אַראָפּ פון אייזל, ווי אַ קאַץ, און נעמט זיך אָפּבינדן דאָס טיכל פון די אויגן.)

זעלנער

(שפּרינגט צו, לאָזט ניט)

קום אין געצעלט!

(זיי פירן זי אַריין אין געצעלט. איינער בינדט אָפּ דאָס טיכל פון אירע אויגן. דבורה דרינגט זי דורך מיט אַ בליק.)

**די פרוי**

(אַ ריירעוודיקע אַזאַ, אַ שלאַנקע, וואַרפט פאַרשנדיקע בליקן און רעדט, רעדט)

מיט פאַרבונדענע אויגן
האָט מען מיך געפירט אַהער
ווי איך וואָלט אַן אויסקוקערין געווען...

**דבורה**

צאָרן ניט, ליבע פרוי,
און זיי אונדז מוחל,
ס'איז אַ באַשלוס אַזאַ,
מיט ניט קיין באַקאַנטע...

**די פרוי**

וואָס הייסט, מ'קען מיך ניט,
איך בין יעל, די פרוי פון חבר דעם קיני.

**דבורה**

יעל, אַ פריינד פון אונדזערע שונאים,
געקומען אין אונדזערע רייען?..
(שמרי האַלט די פּיקע גרייט, נעמט די אויגן ניט אַראָפּ.)

**יעל**

וואָס האַלטסטו דאָס געווער קעגן מיר!

**שמרי**

מיין פליכט.

**יעל**

(כאַפּט זיך)

גערעכט... גערעכט...
די נביאה מוז באַשיצט ווערן,
ס'איז קריג!
(קוקט זיך אַרום.)
פירט מיך צום קריגס־ראַט.

**דבורה**

קריגס־ראַט?..

**יעל**

נו יאָ, וואָס קווענקלסטו,
איך האָב וואָס אָנצוזאָגן.

**דבורה**

(דרינגט זי אַדורך)

יאָ, יאָ...
איך וועל גיין זען, אַז זיי זאָלן דיך אויפנעמען...
און דו, שמרי, באַפעל אויפצונעמען אונדזער גאַסט
מיט ברויט, און וואָס זי פאַרלאַנגט.
(באַפעלט צו די זעלנער.)
און איר גייט דאָרט, רוט זיך אויס...
(דבורה גייט אַרויס פון געצעלט און שטעלט זיך זייטיק, צו הערן, וואָס זי וועט ריידן צו שמרי.)

**יעל**

די נביאה איז אַוועק?

**שמרי**

אַוועק.

**יעל**

ווו געפינען מיר זיך ערגעץ?

**שמרי**

דאָ...

**יעל**

וואָס הייסט דאָ!..

**שמרי**

נו, געוויס, ניט דאָרטן...

**יעל**

(קוקט אים אָן)

דו חוזקסט?

**שמרי**

אָן חוזק, מיר זענען דאָ...

**יעל**

ווען, דענקסטו, וועלן מיר געווינען
די מלחמה.

**שמרי**

וועמען מיינסטו, — מיר ?

**יעל**

מיר, די איינוווינער, וועמען דען זאָל איך מיינען ?

**שמרי**

אָ, מיר !
ווען מיר וועלן אָנפאַלן אויפֿן שונא !..

**יעל**

(פאַרשנדיק)

ווען, מיינסטו, וועלן מיר אָנפאַלן ?

**שמרי**

ווען ?

**יעל**

יאָ, יאָ. — — — ווען ?

**שמרי**

קריגס-ראַט !..

**יעל**

וואָס מיינסטו ?

**שמרי**

וואָס זאָל איך מיינען ?..

**יעל**

דו חוזקסט, חיל !

**שמרי**

ניין, קריגס-ראַט וויים,

**פרעג זיי, וועלן זיי דיר זאָגן...**

**יעל**

ווער איז אין קריגס־ראַט?

**שמרי**

**גיבורי־ישראל, דערפאַרענע קריגער.**

(דבורה, אויף יענער זייט געצעלט, גיט א חונק צו אַ זעלנער, דער זעלנער קומט צו. זי זאָגט אים עפּעס, ער איילט אַריין אין געצעלט.)

**זעלנער**

די נביאה האָט געזאָגט, אַז זי קומט באַלד...

**שמרי**

**יאָ, מיר וואַרטן...**

**יעל**

קענען מיר אפשר ביידע צוגיין?

**שמרי**

ניין, דאָ בלייבן.

**יעל**

קענסט מיר אפשר ברענגען וואַסער צום טרינקען.

**שמרי**

(צום זעלנער)

ברענג איר, איך בעט דיך, וואַסער צום טרינקען.
(זעלנער איילט אַוועק.)

**יעל**

יאָ, ווער זשע איז אין קריגס־ראַט?

**שמרי**

**דו וועסט דאָך זיי פרעגן,**
**ווען מיר וועלן אָנפאַלן אויפן שונא,**
**וועסטו דאָך זען...**

**יעל**

**דו ווייסט, דו ביסט אַן אמתער איש־חיל.**

**שמרי**

מיר זיינען אלע אמתע קריגער...

**יעל**

און וויפל זעלנער האָבן מיר ?

**שמרי**

קריגס-ראַט.

**יעל**

און געווער האָבן מיר אַ סך ?

**שמרי**

מיר האָבן.

(פארלירט אָבער דאָס געדולדס.)

צו וואָס דאַרפסטו דאָס וויסן ?..

**יעל**

וואָס הייסט ?

**שמרי**

דאָס הייסט !..

**יעל**

ווו איז ער מיט דעם וואַסער ?

**שמרי**

ער וועט ברענגען.

**יעל**

און דו קאָנסט מיר ניט ברענגען
וואַסער צום טרינקען ?

**שמרי**

איך בין אויף וואַך.

**יעל**

וועמען באַוואַכסטו ?

**שמרי**

ווער ווייס, ווער דו ביסט ?..

קען איך פּונקט ניט זאָגן,
וועמען איך באַוואַך...

**יעל**

(גיט זיך אַ דערהויב)

און דו ווייסט, אַז איך בין אַ מדינית,
ווי די פרוי פון דעם נביא משה —
זיינען מיר דאָך עפּעס מחותנים...

**שמרי**

מיר זיינען...

**יעל**

דו ביסט שטעכיק, ווי אַ שפּיז!..

**שמרי**

און דו?..
ווער ווייסט, צי טראָגסטו ניט אַ שפּיז
אין די פאַלדן פון דיין קלייד...

**יעל**

(גיט זיך אַ שטעל)

זוך!

(שפּרייט די הענט.)

זוך, געפין!..

(דער זעלנער קומט אריין, ברענגט א קריגל װאַסער און דערלאַנגט איר אין האַנט.)

**שמרי**

(צום זעלנער)

זוך דו ביי איר אַ שפּיז
אין די פאַלדן פון איר קלייד.

**זעלנער**

(בייגט זיך אָן, פּירט אום זיין האַנט איבערן קלייד)

ניין, זי טראָגט ניט קיין שפּיז...

**יעל**

(טרינקט פון קרוג און רופט זיך אָפּ)

דו ווייסט ?

דו געפעלסט מיר, אזוי דארף מען אפהיטן די נביאה.

**דבורה**

(קומט אריין אין געצעלט)

קריגס־ראט קען דיך איצט ניט אויפנעמען.

**יעל**

אבער זייער וויכטיקס

האב איך אנצוזאגן.

**דבורה**

מעגסט מיר אלץ איבערגעבן...

(יעל דערנענטערט זיך צו דבורהן. שמרי צאמט איר אפ מיט דער פיקע.)

**יעל**

נביאה, וואס וויל דער חיל מיט דער פיקע ?

**שמרי**

דאס געזעץ פאר א פרעמדער,

צו זיין דערווייטערט...

**יעל**

א פרעמדע ? !

**דבורה**

אוודאי וואלט איך געוואלט אויפנעמען,

ווי עס פאסט פאר יעל, די פרוי פון חבר דעם קיני,

דאס זאל דיר אבער ניט קימערן, ס'איז קריג —

אז דו ביסט געקומען העלפן,

וועט דיין טאט דיך באלוינען,

ווי אונדז אלעמען.

**יעל**

געערעכט נביאה.

(ניגט זיך א בייג אן.)

איר ווייסט ?

סיסרא דערנענטערט זיך צום בארג.

דאָס גאַנצע פאָלק מיט אים.

**דבורה**

(מאַכט זיך נייגעריק)

נו, נו?..

**יעל**

אַ סך אײַזערנע רײַטוועגן,
פלינקע פערד, געלערנטע חיל
און אַ סך געדונגענע ערלים,
געקומען מיט די שיפן.

**דבורה**

(ווי פריער)

נו, ווייטער, ווייטער...

**יעל**

(אָטעמט אָפּ)

מער ווייס איך ניט...
איך וויל דאָס אָבער איבערגעבן דעם קריגס-ראָט.

**דבורה**

איך וועל זיי אַלץ איבערגעבן
און דיר וועלן מיר באַלוינען, ווי דיר קומט...

**יעל**

(גיט זיך אַ דערהויב)

וועל איך גיין:
אַז איך וועל זיך מער דערוויסן,
וועל איך קומען זאָגן...

**דבורה**

(גיט אַ פּאָר שפּאַן איבערן געצעלט, בלייבט שטיין מיט אַ דורכדרינגענדיקן בליק, אַז יעל זעצט זיך צו, רופט אויס)

יעל!

קוק מיך אָן, יעל!..
(יעל בלייבט זיצן — קוקט.)
וועמען זעסטו, יעל?

יעל

דבורה די נביאה זע איך.

דבורה

ניין, מער פון אלץ די פרוי,
וואס איז אויך, צו מאל, נאריש נייגעריק...

יעל

וואס מיינט דאס, נביאה?

דבורה

דאס מיינט, אז איך און דו
וועלן מיר איינע דער אנדערער קיין ליגן ניט זאגן...
קוק מיך אן, יעל.
איין ווונק צו אים,
דרינגט זיין שפיז צו דיר אין הארצן,
אז מיינע רייד דרינגען ניט...

שמרי

(ברענט אויף)

באפעל נביאה...
(יעל קוקט אים אן, ווי זי וואלט זאגן: זע נאר, ווי ער איז שוין גרייט.)

דבורה

קער זיך אפ — חיל!
וועט זי ניט זען דעם מאן
און אויפהערן שפילן דאס לעמעלע...

יעל

שרעקסט מיך, נביאה...

דבורה

רואיק, יעל:
קיין האר וועט דא פון דיין קאפ
ניט פארשניטן ווערן.

יעל

וואָס זשע פֿאַרלאַנגסטו?

דבורה

דעם אמתן אמת!

יעל

איך האָב געזאָגט, וואָס איך ווייס...

דבורה

(מאַכט אַוועק מיט דער האַנט)

קען זיין, אַז דו ביסט נאַיוו, צו גלייבן, —
ווייל קיין חיל-פירערין ביסטו ניט —
ווען סיסראַ יאָגט זיך מיט זיינע מחנות,
אַז מיר זאָלן ניט וויסן דערפון..

יעל

וואָס זשע פֿאַרלאַנגסטו, נביאה?

דבורה

אַ סך!
און איך וועל דיר אַפילו ניט פרעגן,
צי דו ביסט פון סיסראַן געשיקט...

יעל

פון סיסראַן?..
(דראָלט זיך אָן.)

דבורה

נו, נו...
אַזעלכע שטיק שפּילט מען פאַר אַ מאַן,
אָבער פאַר דבורהן, די פרוי!
(גוטמוטיק.)
הער אויף, יעל, נו, הער אויף...

יעל

נביאה, דו באַהערשט מיך...

דבורה

וואָס דו זאָגסט...

(צו שמרי.)

נייג אָפּ, מאַן, דו שטערסט...

(גיט אים א צייכן.)

**שמרי**

(קווענקלט זיך)

נביאה... נביאה.

(גיט אַ פאַל צו דער ערד, בויך אַראָפּ — האַלט די פּיקע, קוקט, נעמט פון זיי די אויגן ניט אַראָפּ.)

**דבורה**

הער מיך אויס, — יעל:
זאָלן מיינע רייד דרינגען אין דיין האַרצן
און פאַרטרײַבן די כוונה פון דיין קומען...
איצט ביסטו דאָ —
זאָג איך, געבענטשט דיין קומען:
קריגס־ראַט האָט אפילו געוואָלט שיקן נאָך דיר,
ווייל פריינטשאַפט איז צווישן דיר און סיסראַן,
און ווילסטו גיין מיט סיסראַן, — גיי!
ווייס אָבער, אַז סיסרא פירט די מלחמה פון בעל,
צו פאַרקנעכטן! —
און מיר פירן די מלחמה פון גאָט, אונדזער גאָט,
צו באַפרייען!
און אַז דער היינט איז סיסראס,
איז אָבער דער מאָרגן אונדזערער,
ווייל מיר פירן די מלחמה פון גאָט,
וואָס האָט די וועלט באַשאַפן פאַר אַלעמען גלייך.
און זאָל דיין נאָמען ווי דער מאָרגן־שטערן לויכטן —
ווייל דו האָסט געהאָלפן די מלחמה פון גאָט.

**יעל**

(געריררט)

נביאה... נביאה...

**דבורה**

פאַר וואָס זשע איז דיין האַרץ פאַרשלאָסן,
ווי דו וואָלסט געטראָגן אַ שפּיז...

**יעל**

אַ שפּיז, קעגן דער נביאה פון גאָט!..

**דבורה**

אַז דיין האַרץ איז מיט אונדז,
נעכטיק דאָ איבער אין אַ געצעלט
און מיר וועלן זיך באַדענקען,
ווי אַמבעסטן דו קענסט אונדז העלפן,
ווען ניט, קענסטו גיין!..

**יעל**

(הכנעהדיק)

איך וועל דאָ איבערנעכטיקן
אין אַ געצעלט, ווי דו באַשיידסט, נביאה.

**דבורה**

גוט, יעל:
זאָל דיין האַרץ זיין גענייגט צו אונדז,
ווייל מיט אונדז איז דער אמת,
זאָלסט זיין געשטאַרקט, יעל,
אין אונדזער הייליקן קריג.

(זי ווינקט צו אַ זעלנער, וואָס קומט צו.)

פירט זי אין אַ געצעלט, איבערצושלאָפן די נאַכט,
באַהאַנדלט זי ווי געהעריק —
ווי עס פּאַסט פאַר יעל, די פרוי פון חבר דעם קיני.

**יעל**

אַ גוטע נאַכט, נביאה.
זאָל זיין געהייליקט גאָטס נאָמען...

**דבורה**

אַ גוטע נאַכט, יעל,

שלאָף רואיק —
קיין האָר וועט אויף דיין קאָפּ ניט פעלן.

(אַ זעלנער פירט זי אָפּ. דבורה באַגלייט זיי מיט אַ בליק און בלייבט שטיין ווי פאַרגליווערט. גיט זיך אַ כאַפּ און קראַמפּט אַרויס.)

די מדבר־קאַץ...
זי קען דאָך אים פאַרנאַרן אין איר געצעלט
און מאַכן א סוף צו אים...

(אַן אַנזאָגער לויפט האַסטיק דורך, דבורה קוקט.)

**שמרי**

אַן אַנזאָגער!

**דבורה**

ברענג מיר זיין אַנזאָג.

(שמרי איילט אַוועק, דבורה וואַרט — פויזע.)

**שמרי**

(איילט צוריק)

דער שונאביים שוועל פון באַרג.

**דבורה**

דער שונא, ביים שוועל!..

**שמרי**

די נביאה מעג רואיק זיין,
אונדזערע רייען — אַן אייזערנע וואַנט.

**דבורה**

אוודאי בין איך רואיק...

**שמרי**

און זייערע געשפּאַנען
זאָלן דער נביאה ניט קימערן —
מיר זיינען פלינקער פון זייערע געשפּאַנען...

**דבורה**

מיט קריגער אַזעלכע בין איך אוודאי דרייסט...

**שמרי**

אַלע זיינען מיר דרייסטע קריגער:
(מיט פּאַרדרוס.)
ווען איך בין נאָר מיט עטלעכע יאָר עלטער...

**דבורה**

וואָס זשע וואָלט געווען?

**שמרי**

א לעגיאָן וואָלט מען מיר פאַרטרויט,
צו פירן אין שלאַכט.
(מיט פּאַרדרוס.)
בין איך אָבער צו יונג פאַר דעם,
האָט דער שר-צבא געזאָגט.

**דבורה**

איך זע אין דיר אַ פירער פון חיל,
און דו וועסט אַוודאי אַ פירער זיין.

**שמרי**

(ברענט אויף)
א דאַנק, נביאה, פאַרן צוזאָג,
אין מיר ברענט שוין מיין הויט,
צו באַגעגענען דעם שונא...

(ב ר ק קומט אַרויס. אַ בייניקער אַזאַ, מיט ברייטע שולטערן, טראָגט זיין כתונית — חערמיל־רויט. זיין פּנים בייניק און דאָס בערדל פון זשאַחער־קאָליר, ווי געקנוילט אויף די ראַנדן פון זיין פּנים. אַ שחערד הענגטביים זייט)

**דבורה**

שר-צבא.

**ברק**

מונטער, נביאה,
אז אַ יאָג-טאָן וועט זיך אונדזער חיל,
וועט די ערד אַ ציטער טאָן...
(צו שמרי.)

די פירער פון די לעגיאָנען!
(שמרי איילט אוועק.)

**דבורה**

אזא דרייסטער יונג, דער שמרי.

**ברק**

זייער דרייסטקייט וועסטו ערשט זען
אין שלאַכט, נביאה.
(מיט הנאה.)
איך האָב זיי אויסגעלערנט, די יונגען,
צו הויערן ווי א לייב און פאַרצוקן ווי א לעמפערט...

(ש מ ג ר ב ן ע נ ת קומט אַרויס — אַ געשטאלט, ווי פון אַ גרויער לעגענדע... פעלדזיק־גרוי, דאָך שפּורן פון גבורה באַמערקט מען נאָך אין זיין יעדן ריר. א לענגלעך־שמאָל בערדל. אַנדערע פון קריגס־ראַט שטייען פון דער זייט.)

**שמגר**
(פעלדזיק)

ווי האָט די נביאה אויפגענומען די געשעעניש,
ער איז געצווונגען, דער פוקס,
אָנצוהייבן די שלאַכט אין עמק,
ווייל מיט זיינע געשפּאַנען,
ווי קען ער זיך רירן אין די בערג...
און קענען זיינע פוסגייער איז ביי אונדז א שפּיל...
(פאַרמעסט זיך מיט אַ פויסט.)
ווען איך בין נאָר א צען יאָר יינגער,
און נאָך איצט וואָלט איך געגאַנגען
מיט פאַנצער און פיק —
לאָזן זיי ניט...

**ברק**
(הערויש)

מיר וועלן אָפּשאַצן יעדנס טאַט.

**שמגר**
(קלאַפּט אים גוטמוטיק אי־בערן שולטער)

דו, ברק, ביסט שוין מיך אַריבערגעוואַקסן:
ווידערשפּעניקסט צו מאָל מיינע רייד —
אָבער ווען איך בין אַ צען יאָר יינגער...

**דבורה**

מענער, מענער פון קריג.
איך פיל זיך אַזוי שטאַרק מיט אייך.
און גיין וועל איך מיט אייך אין די רייען,
צו באַקעמפן דעם שונא, עד חרמה!

**ברק**

באַלד גיב איך די באַפעלן.
דיר אויך, נביאה...

**שמגר**

געהאָרכזאַמקייט, נביאה.

(אן אויסקוקער לויפט אָן און האַלט די פּיקע זייטיק פון אים, ווי ער האָלט זיך אַליין געמאָסטן.)

**אויסקוקער**

שונא שטעלט אוים די רייען,
קעגן באַרג.
אונדזער חיל רייסט זיך צום אָנפאַל.

**ברק**

האַלט זיך אין די הויכן פון באַרג,
קיין טראָט אָן מיר!
קיין איין טראָט אָן מיר!

(אויסקוקער אָפּ. ברק שפּאַנט אין הינטערגרונט. קריכט אויף אַ פעלדז — קוקט.)

**שמגר**

לאָזט אים איצט אַליין.
(שפּאַנט.)
קומט, קומט!
(זיי גייען אָפּ לינקס — שטעלן זיך אָפּ ביי אַ געצעלט. דבורה גיט אַ

(אַ שפּאַן פון איר געצעלט, בלייבט שטיין, קוקט אויף ב ר ק ן — אָנגעשטרענג־טער שווייגן. ש מ ר י קומט צו, וואַרט. אַן אָנזאָגער לויפט אָן.)

**אָנזאָגער**

באַריכט צו ברק בן אבינעם.

(ב ר ק דערהערט, שטייענדיק אויפן פעלדז, דרייט ער זיך אויס מיטן פּנים צום אָנזאָגער, הערט אויס דעם אָנזאָג.)

שונא באַמערקט אונדז אין די
הויכן פון פעלד,
שטעלט ער אויס זיינע געשפּאַנען קעגן אונדז — צפון...

**ברק**

האלט זיך אין די הויכן פון פעלד.
(אָנזאָגער אָפּ. ב ר ק שפּאַנט אַראָפּ פון פעלדז.)
ער אונטערשאַצט ניט די גבורה פון
גליל,
שטעלט אויס די געשפּאַנען קעגן אים...
(מורמלט.)
די פערד פאַרניכטן, וואָס מער פערד.
(צו שמרי.)
די פירער פון די לעגיאָנען!

**שמרי**

זיי וואַרטן, שר־צבא.

**ברק**

לעגיאָנער־פירער!
(אַ גרופּע קומען אַרויס — העראָיקער אַזעלכע, באַפּאַנצערטע, וואָפן־טרעגער מיט זיי, ד ב ו ר ה קומט, ב ר ק רופט אויס.)
לעגיאָנערן פון דרום!
(צוויי טרעטן אַרויס.)
אפרים, בוי אַ וואַנט,
(ווייזט אָן.)
פאַרצאַם דרום!
בנימין, פאַרצי אַ קייט,
דערנענטער זיך צום עמק!

(די צחיי טרעטן הינטערהיילעכץ אָפּ. — ברק רופט אויס.)

לעגיאָנערן פון צפון!

(צחיי טרעטן אַרויס.)

ווער פון אייך וואָלט געמאַכט דעם ערשטן אָנפאַל?!

לעגיאָנער פון נפתלי

דעם שר־צבא איז באַוווּסט,
ווי געניט מיר זיינען פאַר דעם,
איך וויל האָבן די זכיה, צו זיין דער ערשטער.

לעגיאָנער פון זבלון

פאַר מיין חיל איז דאָ יעדער שטעג באַקאַנט,
און מיין אָנפאַל וועט געלינגען.

ברק

גערעכט אַלוף!
טייל אָפּ די פלינקסטע פון דיין לעגיאָן,
מאַך פלוצימדיקע איבערפאַלן —
האַלט זיך אָבער אין די הויכן פון די פעלדער,
נפתלי, אָן אייזערנע וואַנט דיך צו באַשיצן.
פאַרניכטן, וואָס מער פערד, פאַרניכטן!
נאָר זיי, פאַרנאַר מיט חכמה:
אַנטרינן, און זאָלן זיי נאָכיאָגן,
צי אויס אַ ריי און פאַרניכט זיי!
ביז באַגין אַזוי, און אַז דער שונא וועט זיך שטאַרקן
קעגן דיר און נפתלי, גיב מיר אַ האָרן־שאַל,
וועלן מיר מאַכן איבערפאַלן פון תבור.

לעגיאָן־פירער

איך שעץ דעם כבוד, פון צו זיין דער ערשטער,
אַ דאַנק, שר־צבא.

שמגר

זבלון איז אַ פאָלק, וואָס קען איינשטעלן זיין זעל,

איך באַגרים דיך, אלוף!

**לעגיאָנערן**

הידד, הידד!

**דבורה**

פאָלק וועט אָפּשאַצן יעדנס טאַט:
(צום לעגיאָנער פון זבלון.)
דיין אָנהייב זאָל אַ ביישפּיל זיין,
אַן עמוד־אש פאַר אַנדערע...
(זי גיט אים די האַנט.)

**אַלע**

הידד, הידד!

**ברק**

און מיט זון־אויפגאַנג
וועלן נידערן די לעגיאָנען פון באַרג
אין אַ פּלוצימדיקן אָנפאַל.
זאָל דאָס חיל פון צפון און פון דרום,
ווי אַ שטראָם, אַ לאָז טאָן זיך אויפן שונא —
און ביים עמק
וועט זיך די נביאה באַווייזן אין די רייען,
אַ צייכן זאָל דאָס זיין, צו נידערן אין טאָל:
זאָל אונדזער אָנפאַל זיין אַ העפטיקער,
זאָל אונדזער אָנפאַל זיין, ווי שטיינער פון הימל —
מענער, דורך פלאַם און פייער — מאַן פון קריג!

**אַלע**

הידד, הידד!

(זיי גיבן זיך די הענט. שמגר בן ענת טאַנצט אַרום. זיין בערדל שווינגט
הין און הער — גיט אַלעמען די האַנט.)

**שמגר**

וויפל וואָלט איך געגעבן, צו גיין מיט אייך אין די רייען.
נו, גייט געזונטע... און קומט געזונטע...

דער שונא מוז ווערן פאַרלענדט!
(ברומט אַרויס.)
עד חרמה, פאַרלענדט!

**דבורה**

גיבורי ישראל,
אין אייער האַנט — דער גורל פון פאָלק!
זאָל אייך דאָס וואָרט פאַנצערן,
זאָל אייך דאָס וואָרט אויפפלאַמען צום קאַמף.
און באַנעמט, וואָס פאַר אַ זכיה איז צו האָבן
דעם גורל פון פאָלק:
צום אויפקום, צום לעבן — פריי אויף גאָטס ערד.
מענער, אין אייער האַנט — דער גורל פון פאָלק, ישראל —
מיין באַגלייטונגס-וואָרט!

**שמימען**

— מיר וועלן ניט פאַרשוועכן, נביאה!
— הידד, הידד!
— לעבן זאָל די נביאה פון פאָלק!

**דבורה**

לעבן זאָלן די קעמפער פון פאָלק!

**אַלע**

לעבן זאָל דאָס פאָלק!

**שמגר**

גרינג ווי אַ אינד,
פלינק ווי אַ הירש,
און שטאַרק ווי א לייב, צום קאַמף!

(זיי גיבן זיך די הענט. דבורה גיט יעדן די האַנט. זיי און דאָפּדטרעגער אָפּ. ברק און שמגר באַגלייטן זיי.)

**שמגר**
(גייענדיק)

שטרענג אָנזאָגן די יונגען,

ניט אָנצוכאַפּן אַ פערד ביים צוימל:
וואַרף־פּיקעס, פּיילן!
און אַ שטיין פּלעט אויף אַ פערד דעם מוח...

**ברק**

גערעכט. שפּאָרט מיר ניט קיין פערד,
שפּאָרט מיר מיינע יונגען!

**דבורה**

(איילט אַריין אין געצעלט)

מיין גאָט... מיין פאָלק... מיין ברק...
באַשיץ זיי, גאָט — באַשיץ!

(פאַרלייגט די הענט אויף די אַקסלען. לויפט צו איין חינקל פון געצעלט, צו אַ צווייטן — עקזאַלטירט, שפּאַנט אַרום און שפּאַנט — בלייבט שטיין, ווי אַ זייל, אין מיטן פון געצעלט, לייגט צוזאַמען תפילהדיק די הענט, פאַרגייט זיך אין אַ תפילה, איר קול וויברירט — פחד פאַלט.)

דורך בלוטיקע טריט
פירט דער וועג צו דיר, מיין גאָט!
תהומען פון אונטערגאַנג האָבן אונדז געשלונגען,
שטריק פון ירידה האָבן אונדז געצויגן צום גרונט,
נעצן פון טויט האָבן אונדז אַרומגענומען!
דערהייב אונדז גאָט — דערהייב!
אַז דאָס פאָלק דערוואַכט פון חושך,
אַז דאָס פאָלק דערהייבט זיך פון תהום,
פירט דער וועג צו דיר, מיין גאָט!
פון טיפענישן רופסטו אין אונדז —
לעבן, לעבן!
פון פאַרבאַרגעניש שאַלסטו אַריבער אימה און פחד —
לעבן, לעבן!
שאַלט אין אונדז, האָרן־שאַל,
טרומייט פון קריג.
העלישן פלאַם פון קאַמף,

און דורך בלוט און טויט
פירט דער וועג צום לעבן —
צו דיר, מיין גאָט!

(פאַררײַסט דעם קאָפּ, הייבט די הענט אין דער הייך.)

הימל, הימל, אַ פאָלק רייסט
זיך צום לעבן,
פון חושך צו ליכט. פון קנעכטשאַפט, צו פרייהייט —
באַשיץ זיי גאָט — באַשיץ!

**שמגר**

(קומט צו, פאַרוווּנדערט זיך)

נביאה...

**דבורה**

(גיט זיך אַ כאַפּ)

ווו איז ברק?

**שמגר**

ער קומט באַלד:
קיין מינע פון פחדנות,
צו אים — קיין וואָרט!

**דבורה**

איך ווייס, שמגר בן ענת — איך ווייס...

**שמגר**

געדענק, דו ביסט אַ יונג־פרוי,
און ווער קען אַזוי באַגייסטערן
אַ יונגן קריגער צום קאַמף...
ס׳איז אין דער נאַטור פון גיגאַנטישע מענער,
אַז די ווייבער זאָלן זיי פירן פאַר די נעז...

**דבורה**

(ווי פריער)

איך ווייס שמגר בן ענת — איך ווייס...

**שמגר**

און זאָל דיר ניט קימערן
פאַר די שבטים, וואָס האָבן זיך ניט אָפּגערופן —
קיין וואָרט פון דעם צו ברקן!

**דבורה**

אַזאַ ברענענדיקע צייט, אַזאַ פלאַמיקע,
און זיי קווענקלען זיך!
צעשפּליטערט איז ישראל,
איין גליד פילט ניט דאָס צווייטע.
צעשפּליטערט איז ישראל!..

**שמגר**

גבזים, דער איבערלייג איז ביי זיי גרויס —
רירן זיך פון אָרט ניט!

**דבורה**

(מיט איר שלאָגנדיקן טאָן, ווי מעטאַל)

אַלטער קריגער, שמגר בן ענת!
דיין וואָרהאַפטיק וואָרט —
אָן זיי איז די געפאַר גרויס?..

**שמגר**

ניין, דער שונא איז אָבער שטאַרק!
געלערנטע חיל, אייזערנע רייט-וועגן,
אַ סך געווער...

**דבורה**

(ציטערט אויף)

שיקט צו גלעד נאָך אַ מאָל שליחים,
ער איז אם נענטסטן צום עמק.

**שמגר**

דיר צו ליב, קען מען דאָס טאָן.
מען וועט אָבער אָנזאָגן דעם שונא —

זיי רופן שוין פֿאַרצווייפלט נאָך הילף...

**דבורה**

רעדט אין דיר דיין מוט נאָך,
צי דער מוט פון ברקן, וואָס איז פון אַ לייב,
אָדער דו וועגסט אויף דער גבורה פון אונדזער חיל?..

**שמגר**

פרעג אַן אַלטן קריגער, נביאה:
מוט פון פירער — איז די גבורה פון זיין חיל...

**דבורה**

ס'איז אַזוי גוט דיין טרייסט.

**שמגר**

וואָס פאַר אַ טרייסט,
ס'איז גליל, נביאה — גליל...
גיב דעם באַרג-מענטש אַ שווערד
צעשווינגט זיך דאָס, ווי אַ בליץ אין זיין האַנט — גליל...

**דבורה**

(צעליכטיקט זיך)

גליל...

**שמגר**

און אפרים, דער פרעכטיקער אפרים:
ווי א וויזל-טהיר טראָגט ער זיינע הערנער —
שטויסט פעלקער מיט זיי.

**דבורה**

מיין פרעכטיקער שבט אפרים.

**שמגר**

און בנימין, ווי אַ וואָלף פאַרצוקט ער אין פרימאָרגנס
און טיילט זיין געפאַנג, פאַרנאַכטן...

**דבורה**

זיי מיר מוחל, אַלטער קריגער,

ס'האָט די פרוי אין מיר גערעדט,
איך צווייפל ניט.
(הייבט זיך אויף.)
איך צווייפל ניט אין דער גבורה פון אונדזער חיל...
ווי איך צווייפל ניט אין אונדזער גערעכטן קאַמף.
(ב ר ק קומט אָן. הערט דבורהס לעצטן זאַג.)

ברק

אַט אַזוי איז גוט — מוט, נביאה!
אונדזערע רייען ברענען אויס דאָס אָרט ווו זיי שטייען.
די כלי-זיין ברענט ביי זיי אין די הענט —
קענען זיך ניט דערוואַרטן אויפן באַפעל...

שמגר

אונדזער חיל,
ווי אַ לייב הויערט ער,
ווי אַ לייב, צו פאַרצוקן...

ברק

ביז עמק וועלן מיר פיל פון זייערע געשפּאַנען פאַרטיליקן.
און קעגן פוסגייער, ווער קען אונדז ביישטיין...
(צו דבורהן, אין פנים.)
נביאה, אויפן ערשטן געפּאַנגענעם רייט-וואָגן
וועסטו אונדז פירן...

דבורה

אויפן ערשטן...

ברק

אין אַ געפּאַנצערטן, פון אַ הויפּטמאַן...
(כאַפּט זי פאַרן האַנט.)
זויל די נביאה זען אונדזער אָנהייב?
און שמגר בן ענת?
(זיי גייען אין הינטערגרונט, צום פעלדז, וואָס ליגט אויסגעצויגן, ווי עפּעס
אַ פאַנטאַסטישע חיה. ב ר ק חיל העלפן ש מ ג ר ן אַרויף.)

**שמגר**

(שטופּט אים אָפּ גוטמוטיק)

דו ביסט מיך טאַקע אַריבערגעוואַקסן,
אָבער אויפן פעלדז קען איך נאָך אַליין אַרויף.

(ער קריכט אַרויף און העלפט דבורהן אַרויפגיין.)

**ברק**

(ווייזט אָן מיטן האַנט)

איר זעט, קוקט אַהין, אין ווייט.

**דבורה**

(ברענט־אויף)

פלאַמען פליען...

**ברק**

דאָס וואַרפן אונדזערע פלאַמיקע שטורקאַצן
אויף דעם שונאס געשפּאַנען.
און די בייגענער שופן פיילן
די שליידערער — וואַרף־פּיקעס,
שטיינער — די פערד צו פאַרניכטן.

**שמגר**

יאָ, יאָ...
מיינע אַלטע אויגן זעען אויך — קאַמף!..

**דבורה**

פלאַמען פליען.

**ברק**

זיי פאַרנאַרן אַ גאַנצע אָפּטיילונג.
ביז די רייען פון נפתלין.

**דבורה**

אַזוי שנעל לויפן אונדזערע יונגען.

**ברק**

(מיט עקסטאַז)

ג ל י ל...

(קולות דערטראָגן זיך: ראַ—ראַ—ראַ!)

**דבורה**

וואָס זיינען די קולות?

**ברק**

אונדזערע פאַלן אָן און ברענען פון וואוט...

**דבורה**

זעט, זעט, פלאַמען הין און צוריק,
פלעכטן זיך, קנוילן זיך —
געפלעכט פון פייערן.

**ברק**

געפעכט... מיינע יונגען — נפתלי...
אַ פלינקע הינדן איז נפתלי...

**שמגר**

מיינע אויגן האָבן נאָך דערלעבט צו זען,
און וועלן נאָך זען סיסראס סוף,
און דאַן מעג איך שוין שטאַרבן...

**דבורה**

(גיט זיך אַ כאַפּ)

סיסראס סוף!
ערשט דאַן לעבן!
(כאַפּט אָן ברקן ביים אָרעם.)
קוק, פליענדיקע פלאַמען...
פייער, שלינגט פייער,
געיעג פון פערד.
ווי זיי וואָלטן געשוווּמען אין פלאַמען...

**ברק**

דאָס איז לעבן — געפעכט!..

**שמגר**

(כאַפּט אָן ברקן)

אַזוי, מיין יונג, — דרייסטקייט!
(קושט אים אין שטערן.)

דו ביסט מיין אמתער יורש!

**דבורה**

(גערירט פון דעם)

עס דרימלט ניט און שלאָפט ניט
דער שומר פון ישראל —
אלע מאָל וועלן אויפשטיין נייע קעמפער...

(טרומייטן־שאַלן דערטראָגן זיך פון ווייט.)

**ברק**

טרומייטן־שאַל פון שונא:
ער קלייבט זיך קעגטיק אַנצופאַלן
מיט פולער קראַפט, צפון־זייט.
און אויף דעם וואַרטן מיר...

**דבורה**

צינד אָן אַ פאַקל:
זאָל מיך אונדזער חיל זען.

**ברק**

נביאה, איך מיין, אַז ניט איצט.

**שמגר**

אַז באַווייזן זיך, איז אין די רייען,
צו דער ריכטיקער צייט...

**דבורה**

איבער דער גאַנצער לענג האָבן זיך פלאַמען צעפלויגן,

**ברק**

עס פאַלט צו, מיט פולער קראַפט, צפון.
און מיר זיינען גרייט פאַר דעם...

**דבורה**

אונדזערער רייטער קומען ניט אַרויס?

**ברק**

מיר מוזן שפּאָרן פאַרן עמק...

וואָס זשע, די נביאה האָט געמיינט,
אַז ער וועט ניט אָנפאַלן...
(דבורה פאַרקוקט זיך, פאַרטראַכט. ברק בייגט זיך אָן, פאַרשנירט דעם שנירל פון אַ שוך.)

**שמגר**

פונקט ווי מיר האָבן אויסגערעכנט...

**ברק**

(פארשנירט דעם שוך מיט מאָדנער געלאַסנקייט)

איך וועל אַראָפּ צו די רייען,
און מיר וועלן אים אַ זעץ־טאָן פון דער זייט,
וועט ער ווי אַ דונער אַ פאַל טאָן...

**דבורה**

(שטוינט פון זיין געלאַסנקייט)

פאַנג דעם געפאַנג, ברק בן אבינעם!
(שפאַנען פון פעלדז.)

**ברק**

מוט, נביאה, — מוט!

**שמגר**

די נביאה איז מוטיק.
(זיי גייען אראָפּ פון פעלדז, שמגר שפאַנט אחעק.)

**ברק**

(שטייענדיק מיט דבורהן ביים פעלדז)

איך וועל ניט פאַרשווערכן, נביאה.
ערשט דאָרטן לעב איך אויף —
אין די רייען מיין אמתער לעבן!
און איינער אַזאַ, אַ, איבער מיר —
אַ טונקעלער אַזאַ...
הויערט איבער מיר
מיט דער רו פון איידער זיין.
נאָר פאַרנאַר דעם שונא:
צעטומלט אים — שפּיל זיך...

א שפּיל אַזאַ אין ברענעניש,
א פלאַם אַזאַ, אין פלאַטערניש.
(בייט דעם טאָן.)
דו וועסט דאָס קיין מאָל ניט פאַרשטיין...

**דבורה**

(באַגייסטערט)

דו בליצן־בליאַסק,
אייביק זאָל דיין נאָמען שיינען!

**ברק**

(אין פולער זיכערקייט)

בליץ — דאָס איז מיין נאָמען...
איך וועל ניט פאַרשווען, דבורה,
ס׳רופט פון מיין טיפעניש אַרויס —
איך וועל ניט פאַרשווועכן!

**דבורה**

גאָט איז מיט דיר, אין דיין גערעכטן קאַמף.
(אַן אָנזאָגער לויפט אָן, שטעלט זיך פאַר ברקן.)

**אָנזאָגער**

שונא ביים שוועל פון באַרג,
קלייבט זיך אָנצופאַלן! — לעסטערט, חוזקט...
אונדזער חיל ברענט פון וואוט...

**ברק**

אָפּטרעטן, העכער אויפן באַרג!
(אָנזאָגער אָפּ. ברק קוקט אויפן הימל, וואָס איז שוואַרץ — רופט ער אים צוריק.)
ח י ל!
(ער קומט צוריק.)
אין פאַל פון אַ שטורעם
(ווייזט אויפן הימל.)
זאָל אייך אַ בליץ ניט אויפדעקן
פאַר די אויגן פון שונא! —
דעקונג! דעקונג!

(אָנזאָגער אַפּ. ברק זאָגט צו דבורהן.)

זאָל דער שונא מיינען, אז ס׳איז אונדזער שוואַכסטע זייט...

ס׳וועט זיין אַ שטורעם.

(ווייזט אויפן הימל.)

און איך האַלט מיינע יונגען געצוימט,

אַז די אָנגעזאַפּטע ענערגיע

זאָל אַ ברען טאָן אונטער די פליגל

צו דער ריכטיקער צייט...

**דבורה**

(קוקט פאַרגאַפט)

דער הימל פאַרצאָרנט איבערן עמק,

און דאָס וועט זיין דער טויטן־טאָל

פאַר די בעל־פאַרשקלאַפער !..

(אַ האָרן־שאַל דערטראָגט זיך פון ווייט, ברק זאל זיין גרייט.)

**ברק**

(גיט א שפּאַן און רופט לינקס)

וואָפן־טרעגער, קומט אַרויס !

(וואָפן־טרעגער קומען אַרויס, טראָגן כלי־זיין — פּיקעס, פייל־און־בויגן, שטיין־שליידערערס וואַרף־פּיקעס.)

מיין פאַנצער, מיין העלם !

(זיי דערלאַנגען אים און העלפן אים אָנטאָן — איינער ווישט מיט אַ שטיקל געוואַנט דעם פאַנצער, דער הימל בליצט אויף, גיט דער פאַנצער אַ בליאַסק, ווי אַ מעשענער שפּיגל.)

**דבורה**

(ווי זי שטייט אַזוי דערוויטערט, גיט איר פּנים אַ פלאַם, אַזש פונקען צעשיטן זיך פון אירע אויגן — גיט זי זיך א יאָג אויפן פעלדז)

דער צאָרן פון גאָט... דער צאָרן פון גאָט...

**ברק**

(פאַרציט אַזוי אַ רימענדל פון זיין העלם אונטערן קין, ווערט געפלעפט)

אָן מיר זאָלסטו אויפן פעלדז ניט קריכן !..

(גיט זיך א יאָג.)

דבורה

(שפּאַנענדיק אויפן פעלדז)

נייג אָפּ! דער צאָרן פון גאָט... דער צאָרן פון גאָט...

(ער בלייבט שטיין: זי שפּאַנט אַרויף הויך אויפן פעלדז, דער הימל צעבליצט זיך מיט פייערדיקע בייטשן איבער איר קאָפּ. און זי — אַ באַנומענע — עקזאַלטירט, ווי עס וואָלט געשאַלט פון איר געביין אַרויס.)

גאָט, גיס אויס דיין צאָרן
אויף די שונאים פון דיין פאָלק,
און העלף אונדז — העלף,
צו טראָגן דיין מלכות
דורך דורות און צייטן,
אין אַלע אייביקייטן —
(צעשאַלט זיך אויפן העכסטן טאָן.)
העלף אונדז גאָט!

(זיי ווערן געפּלעפּט פון דבורהס אויסברוך, קוקן דערשטוינט. הינטערן באַרג פילט מען, ווי עס צעברעגט זיך די שלאַכט אין ווילדן וואוט.)

ברק

(גיט זיך אַ כאַפּ און רופט אויס פאַרשטיקט)

ש מ——ר י!...

(שמרי לויפט צו, גיט ער אַ קראַמף זיין האַנט, אַזש ער בייגט זיך הינטערווייַלעכץ. ריטשעט ער אין אים אַריין.)

די נ ב י—א ה!...

שמרי

(גיט זיך אַ זעץ מיטן פויסט אין ברוסט)

מיין ברוסט וועט איבערנעמען אַ פייל...

(דבורה פון דער הויך קוקט דאָס צו און ווערט העל באַלויכטן פון אַ בליץ. בויערט אין איר ברק אַ טיפן בליק, דרייט זיך אויס צו גיין.)

דבורה

(פון דער הויך, מיט אַ באַנומענעם קול)

ב ר ק!...

(ער גיט זיך א דריי ווי אַ זייל — בלייבט שטיין און זי איילט פון פעלדז, ווי געבייטשט פון די בליצן, וואָס שפּיגלען זיך אין ברקס פאַנצער און העלם: זי ווערט פאַרבלענדט פון זיין געשטאַלט, וואָס קוקט אויס ווי אַ פלאַמיקער

קריגער... לויפט זי צו און כאַפּט אַרויס זיין שווערד פון שייד, שאַלט אַרויס אַ באַנומענע.)

איך וועל צוריק די שווערד אין שייד אַריינטאָן !..

(ער נעמט די שווערד און שפּאַנט אַוועק.

מיט דער בלויזער שווערד אין האַנט —

פאַרמאָסטן אין דער נאַכט...

זי בלייבט שטיין ווי אַ זייל — קאָפּ דערהויבן,

און באַגלייט אים מיט א בליק :

איר פּנים העלט פון דער נאַכט ארויס, אין דער נאַכט אריין...)

# ד ר י ט ע ר   ט י י ל

## ב י ל ד   פ י נ ף

### נ אָ כ ן   ז י ג

(ד ב ו ר ה, ב ר ק, י ע ל, ס י ס ר א (אין חלום), ז ע ל נ ע ר, א ר י. א פעלד אויפן וועג צו חרשת־גויים: געצעלטן צווישן ביימער — חיל פאַרזונקען אין שלאָף. פון ווייטן טליען זיך פייערן פון שלאַכט. פאַרטאָג, טויב־שטיל — רו... דבורה און ברק אין אַ געצעלט, א לעמפּעלע ברענט — דאָס אייל־לעמפּל טוקט זיך אין רויטן שיין — וואַרפט שאָטנס. ברק פאַרזונקען אין שלאָף, זיין שווערד אַ בלויזע, שטייט צוקאָפּנס, אַריינגעשטאָכן אין דער ערד. דבורה האַלט אַ טוך אין האַנט, ווישט אים זיין פּנים, זיינע שולטערן, זיינע אָרעמס.)

**דבורה**

(מורמלט)

ווי אַ בליץ האָט ער אויפגעבליצט אין חושך,
און אייביק וועט זיין נאָמען שיינען...
(רופט אין דרויסן.)
ש מ ר י !

**שמרי**

(לויפט אַריין)

בין דאָ, נביאה.

**דבורה**

זוך אויס, איך בעט דיך, אַ טרוקענע פעל.

שמרי

(זוכט אין געצעלט — געפינט)

ס׳איז נאָך דאָ אַ טרוקענע.

דבורה

גיב אַהער און העלף אים אַרומהילן.

(ער העלפט.)

געלאָסן... געלאָסן...

שמרי

באַדאַרפט נאָך טרוקענע דעקעס,

אַלץ פון רעגן פאַרנעצט...

דבורה

אייל אין מיין געצעלט. זוך אויס!

(ער איילט אַהעק. דבורה בלייט, חי פריער, מיט ברקן אין געצעלט. זי קעמט אים מיט די פינגער זיינע האָר, צערטלט אים אַ שלאָפנדיקן. נעמט דאָס לעמפּעלע און קוקט זיך צו. באַטראַכט אים זיינע שולטערן, זיין ברוסט און מורמלט.)

דבורה

ניטאָ קיין וווּנד, גאַנץ מיין ברק.

שמרי

(קומט, ברענגט א דעקע.)

געפונען אַ טרוקענע.

דבורה

דעק אים צו.

(ער דעקט אים צו.)

ווען ער וועט ווערן אומרואיק,

זאָלסטו אים געבן נאָך זיין צו טרינקען.

שמרי

(ארויסגייענדיק פון געצעלט מיט דבורהן)

די גאַנצע צייט איז ער אומרואיק געשלאָפן,

אים חלומט זיך קענטיק...

דבורה

(פארציענדיק דאָס געצעלט)

נאָך אַזאַ שלאַכט...

**שמרי**

און אַז ער וועט ווערן צו אומרואיק?

**דבורה**

וועסטו מיך רופן,
איך וועל זיין ביי די פאַרוואונדעטע.

**שמרי**

איך וועל רופן נאָך איינעם צו מיר.

**דבורה**

יאָ, יאָ.
(שמרי איילט אַוועק, דבורה קוקט אין הינטערגרונט.)

פייערן, טליענדיקע פייערן —
פייערן פון שלאַכט...
(שמרי קומט צוריק. דבורה שפּאַנט אַוועק. עס גייען דורך זעלנער פון לינקס צו רעכטס — טראָגן פאַרוואונדעטע אויף טראָג־בעטלעך. איינער גייט פאָרויס און באַלייכט מיט אַ פאַקל. אַנדערע זוכן מיט די פאַקלען אין גראָז — איינער שטעלט זיך אָפּ מיטן פאַקל נעענטער.)

**שמרי**

וואָס זוכסטו דאָ?

**זעלנער**

מתים זוך איך...

**שמרי**

דאָ זוכסטו מתים,
טייך קישון האָט זיי אַוועקגעשווענקט...

**זעלנער**

מען געפינט נאָך דאָ אויך געווג...
(זוכט.)

אַז דאָס פאָלק וועט זיך פאַרזאַמלען,
מוז זיין אָפּגערייניקט — פאַרשטאַנען?..

**שמרי**

פאַרשטאַנען...

זעלנער

(אַנדערע זעלנער טראָגן אויף אַ טראָגבעטל אַ געפאַלענעם — איינער באַלייכט מיט אַ פאַקל פאָרויס)

אַבי דו פאַרשטייסט...

שמרי

ווער איז דער, וואָס איר טראָגט?

זעלנער

א כנעני...
און אַ שווער־לייביקער אַזאַ!

שמרי

וואַרט, וואָס איילט איר,
ער וועט ניט אַנטרינען...
(דערנענטערט זיך, קוקט.)
ס׳איז שוין ניט קיין כנעני...

זעלנער

ווער דען איז ער?

שמרי

(קוקט)

אַ, אַ, אַ... פּפּפּ — יו...
(פאַרשטאָפּט די נאָז און שפּרינגט אָפּ.)

זעלנער

נעכטן איז ער נאָך אַרומגעלאָפן
און געפרייכט. אַ בויכיקער אַזאַ!..

שמרי

און איצט, זאָל ער אונדז מוחל זיין,
ליגט ער אויסגעצויגן...

זעלנער

(גיט אַ חייז מיטן פאַקל)

זע, ער קוקט נאָך,
גלאָצט די אויגן אין דער נאַכט...

**שמרי**

איז וואָס זשע, זאָל ער מיר מוחל זיין,
זעט ער?..

**זעלנער**

שוואַרץ.

**שמרי**

שוואַרץ זעט מען?..
(מאַכט צו די אויגן.)
יאָ, מען זעט שוואַרץ...

**זעלנער**

אייזל, אַ טויטער זעט?

**שמרי**

מאַך אים צו די אויגן,
זאָל ער אַזוי ניט גלאָצן...

**זעלנער**

דו האָסט מורא?

**שמרי**

האָב שוין דו צו טאָן מיט טויטע...

**זעלנער**

אַי, ביסטו אַ פּחדן...
(ער מאַכט אים צו די אויגן, נעמט זיין פּיקע פון טראָג־בעטל.)
און זיין פּיקע ווילסטו?
גיב איך דיר אַ מתנה...

**שמרי**
(נעמט)

אַ... אַ פיין פּיקע, אַ באַקרוינטע..
(חונדערט זיך.)
אַ סך אַ בעסערע ווי אונדזערע...

**זעלנער**

און הענט?..

(גרויסט זיך.)

**שמרי**

הענט, זעסטו, האָבן מיר שטאַרקערע...

(שמרי באַטראַכט נאָך אַלץ די פּיקע, זעלנער הינקט מיטן פּאַקל צו גיין — די זעלנער מיטן מת שפּאַנען אַהעק.)

**זעלנער**

(טראַגנדיק)

מען קלייבט און מען קלייבט,
און קיין סוף פון זיי!..

**שמרי**

(גיט א זעץ די פּיקע אין דער ערד)

רעכנט אייך, אַז ס׳איז שוין יאָ א סוף...

(שפּאַנט צו צו ברקס געצעלט, בלייבט שטיין. ער ציט דעם לינקן אַקסל. אַ זעלנער קומט צו מיט ערד אויף זיך, חי פון א גרוב אַרויס. פאַרשלאָפן, געגעצט.)

**שמרי**

וואָס געגעצסטו?

**זעלנער**

וואָס איך געג — נעץ?

**שמרי**

(דערזעט זיין פּנים)

אַי אַ טייוול — דו, ארי...

(שפּרינגט צו, טרייסלט אים פּאַר פרייד.)

און איך האָב געמיינט?

**ארי**

וואָס האָסטו געמיינט?
אַז, אַז, — איך?.. נו זעסטו דאָך, איך לעב!..
(רוגזהדיק.)
יאָ, אָבער וואָס לאָזסטו מיך ניט צו רו,
די שלאַכט איז שוין אַריבער —
לאָז צומאַכן מיט אַן אויג!

**שמרי**

זוילסט צומאַכן די אויגן ?
אַט יענעם, — האָט מען אוועקגעטראָגן...

**ארי**

(גענעצט)

אַ כנעני ?..

**שמרי**

יאָ, מיט צוגעמאַכטע אויגן...

**ברק**

(פון שלאָף)

ש—מ—רי !

**ארי**

(שפרינגט אויף)

דער שר-צבא, אין דעם געצעלט ?..

**שמרי**

(סודותדיק)

ער מיינט, אַז מיר שלאָגן זיך נאָך.
די גאַנצע נאַכט, אַז ער באַפעלט אין שלאָף...

**ארי**

ששש... דער שר-צבא שלאָפט.

**שמרי**

יאָ, יאָ... ער הערט דען וואָס מיר ריידן.
ווען דו זאָלסט אפילו טרומייטערן,
וועט ער דיך דערהערן ?..

**ברק**

(אין שלאָף)

לע—גי—אָ—נען !

**ארי**

גיי אַריין.

**שמרי**

פּרובירן אפשר נאָך וויין אים געבן...

(ציט פונאַנדער דעם געצעלט. קוקט: ברק שלאָפט. ווערט זיך. גייט אַריין אין געצעלט, גיסט אָן אַ כוס וויין, וואַרט. ברק דערוועקט זיך ניט. גייט אַרויס מיט דעם כוס וויין אין האַנט.)

**שמרי**

נאַ, טרינק דו.

**ארי**

און דו?

**שמרי**

איך בין אויף וואָך.

**ארי**

(טרינקט)

אַ, גוט.
זע, דער ים ברענט נאָך.

**שמרי**

דו מיינסט די שיפן...
(בייט דעם טאָן.)
דו ווייסט, מען האָט אפשר טויזנט לאָגלען אייל
אין ים אַריינגעגאָסן און אונטערגעצונדן,
האָט דאָס דער ים אַ פלאַם געטאָן —
און אונטערגעצונדן די שיפן...

**ארי**

ס׳איז געווען אַ גוטער איינפאַל,
דער שונא איז אין גרויס פאַרצווייפלונג
אַריינגעפאַלן...

**שמרי**

מיטן ים אין רוקן,
ווערט דאָס מוטיקסטע חיל פאַרצווייפלט.
און דאָ ברענען נאָך די שיפן...

**ארי**

וועמענס איינפאַל איז דאָס געווען?

**שמרי**

וועסט מוחל זיין און פרעגן דעם שר־צבא...

**ארי**

(חונדערט זיך)

אַזוי פיל אייל...

**שמרי**

דיר איז אַ שאָד...

**ארי**

וואָס הייסט, אַ שאָד?..
איך טראַכט, ווו האָט מען גענומען אַזוי פיל?..

**שמרי**

און ווו האָט מען גענומען פיקעס,
פייל־און־בויגן — שטיין־וואַרפער.
און אַז ס׳איז ניטאָ קיין פיקע,
לעכערט אַ פלעקל דעם קאָפּ...

**ארי**

איז וואָס זשע וויצלסטו זיך,
געוועד האָט אויסגעפעלט!..

**שמרי**

איך וויצל זיך?..

**ארי**

און ווו איז סיסרא — אַנטרונען?

**שמרי**

ווייסט ניט?

**ארי**

ניין.

שמרי

(בויערט מיט אַ פינגער אין שלייף...)

ביין?

ארי

אויף וועמענס חשבון חכמעסטו זיך?

שמרי

עס קומט שוין אַזוי אויס,
אַז אויף קיינעמס חשבון!..

ארי

אָבער ווו איז סיסרא?

(בויערט מיט אַ פינגער אין שלייף.)

משוגע געוואָרן?

שמרי

ווען ער וואָלט אפילו נאָך אַזאַ מפּלה
משוגע געוואָרן, איז ער שוין אויס משוגענער...

ארי

געשטאָרבן?

שמרי

ביין, דערהרגעט...

ארי

(שפּרינגט אויף)

וואָס דו זאָגסט — ווער?.. ווען?..

שמרי

יעל...

ארי

(חונדערט זיך)

יעל?

שמרי

דו וואָלסט געוואָלט האָבן דעם כבוד?..

**ארי**

(ווי פריער)

אבער יעל?..

**שמרי**

יעל, יעל...
ער איז אנטרונען א באזיגטער,
און ער איז געלאפן באהאלטן זיך ביי איר אין געצעלט,
האט זי דאך שוין געזען, ווי עס האלט מיט אים —
דארף מען דאך זיין א פריינט צו אונדז...

**ארי**

נו, נו?

**שמרי**

האט זי אים, א שלאפנדיקן,
אריינגעהאקט א פלעקל אין שלייף...
און ווי ער האט זיך געלייגט,
איז ער שוין ניט אויפגעשטאנען...
ווי א געשטאכענער חזיר...

**ארי**

אזוי גאר?..

**שמרי**

אזוי, אזוי...

**ארי**

איצט ווייס איך, אז זי איז ניט געווען
זיין אויסקוקערין...

**שמרי**

פון וואנען ווייסטו?

**ארי**

פון וואנען ווייסטו, אז יא?

**שמרי**

אייזל, צו זיין שונא וואָלט ער געלאָפן
באַהאַלטן זיך...

**ארי**

קען זיין, אַז זי האָט געשנורט צוויי שנירן.
אי אונדזער פריינטשאַפט ניט צו פארלירן,
אי זיין אַ פריינט צו אים...

**שמרי**

וואָס פלאַפּלסטו!
אַז זי איז געווען זיין פריינט,
איז זי געווען מיין שונא!
און די נביאה האָט שוין געזען דערצו, אַז...

**ארי**

וואָס געזען?

**שמרי**

פרעג זי!..
אַ שיין פנים וואָלט דער קיני געהאַט,
צו בלייבן פריינט מיט דעם פגר...

**ארי**

(לאַכט)

אָט האָסטו דיר אַ העלד...
אַפילו פון אַ קריג-מאַנס האַנט ניט געפאַלן...

**שמרי**

און ניט מיט קיין שווערד...
נאָר מיט אַ פלעקל... אַ פרוי...
ווי א געשטאָפּטער חזיר...

(ביידע לאכן. ברק וועקט זיך אין שלאָף, שמרי קומט צו צום געצעלט, קוקט.)

**ארי**

באַדאַרפט רופן אַ רופא,

צו געבן אים געווירצן
פון באַרואיקונג.

שמרי

ער וועט דיך פֿאַריאָגן מיטן רופא,
(נעענטער צו ארי.)
געזונט, געזונט, ווי אַ לייב,
ער דאַרף זיך נאָר אויסרוען.

ארי

אַ וווּנדער? — נאָך אַזעלכע שלאַכטן...

שמרי

(באַגייסטערט)
ארץ-ישראל הימל האָט נאָך אַזאַ שלאַכט ניט געזען.
האָסטו געזען, ווי מיר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין עמק?

ארי

ניין. פּונקט דעמאָלט
האָב איך זיך אויסגערוט
פֿון ביינאַכטיקע איבערפֿאַלן...

שמרי

(באַגייסטערט)
נאָך אַ שטילעניש אין באַגין
האָט זיך דאָס חיל פֿון באַרג
אַ יאָג געטאָן אין עמק:
די נביאה האָט זיך באַוויזן
אין די רייען.
איך מיט פֿופֿציק רייטער אין פֿאָרויס!
און אַז דאָס חיל האָט דערזען,
האָט די ערד געציטערט...
דונערן האָבן דעם הימל געשפּאָלטן,
בליצן האָבן זיך געפֿלאָכטן איבער אונדזערע קעפּ,
און אַז מיר זיינען אָנגעפֿאַלן אויפֿן שונא,

ווער וואָלט שוין אונדז אָפּגעהאַלטן...
די נאָזלעכער פון די פערד האָבן זיך געדרויכערט.
די נביאה צווישן אונדז:
איר פּנים העלט פון רייטוואָגן אַרויס,
דער שלייער פלאַטערט פון ווינט,
און מיר — אַן אויפגעבונטער פלאָם,
יאָגן דעם שונא,
שניידן רעכטס און לינקס...
אַז מיר פליען אויף פייערדיקע פערד
צווישן דונערן און בליצן,
ווי אין אַ חלום...
(שמרי רייבט זיך דעם אַקסל.)

**ארי**

(באַגייסטערט)

אַי, אַ שלאַכט איז דאָס געווען.

**ארי**

וואָס איז מיט דיין אַקסל?

**שמרי**

אַנו, גיב אַ קוק.

**ארי**

(ג׳ט א קוק)

ווי האָסטו דאָס געקראָגן?

**שמרי**

אין עמק.

**ארי**

אַ בלימעלע פון טאָל.
פייער־רויט... טוט וויי?

**שמרי**

עס ציט אַ ביסל...

**ארי**

מען האָט דיך ניט אומגעביטן?

**שמרי**

אומגעביטן... איך האָב דען געוווּסט?..
און אַז איך האָב דערפילט,
האָב איך אַליין באַשמירט מיט ביימל.

**ארי**

(טייטלט אַראָפּ)

דו ווייסט ווהין מען גייט
מיט אַזעלכע חכמות?!
אין דער אַדמה!..

**שמרי**

(טייטלט אַרויף)

טאָמער גאָר אַרויף, אין הימל...

(עס קומען אָן צוויי מיידלעך, אין חייסן געהילט, טראָגן אַ קרוג מילך און אַ קריזעלע צום טרינקן. איינע, אַ פאַרשלייערטע, זעצט זיך אָפּרוען. די צווייטע — אַ ליכטיקע, אַ זוניקע.)

**שמרי**

(די פּיקע גרייט)

אַ, חנה, דו!

(לאָזט אַראָפּ די פּיקע.)

**חנה**

(מיטן קרוג אויפן אַקסל זידט פאַר נחת)

שלום, גבורי־ישראל!

**ארי**

שלום!

(טרעט אָפּ הינטערחיילעכץ צום געצעלט פון שר־צבא, וואַכט.)

**חנה**

(מיטן קרוג אויפן אַקסל)

די נביאה האָט געבעטן דעם שר־צבא,
אויסצוטרינקען אַ קריגעלע מילך.

**שמרי**

דער שר־צבא שלאָפֿט.
שטעל אוועק.
(לאַכט.)
עס קלינגגט אַזוי קאָמיש —
ציגענע מילך — דעם שר־צבא...

**חנה**

די נביאה האָט אָנגעזאָגט,
דו זאָלסט אויך טרינקען.
(הייזט אָן אויף אַרי.)
ער אויך.
(קוקט.)
און ווער נאָך איז דאָ?

**שמרי**

און וואָס ווערסטו געבן די פֿאַרוווּנדיקטע.

**חנה**
(ברייטהאַרציק)

זאָרג ניט, חיל.
די איינוווינער האָבן אָנגעטריבן גענוג ציגן.
די כהנים האָבן זיי גוט באַטראַכט —
(פֿאַרזיכערט.)
געזוּנטע ציגן!
און מיר האָבן זיי געמאָלקן
אונטער אַ שטרענגער וואַך.

**שמרי**
(שפּאַסט)

ווען זשע האָבן זיי באַוואַכט,
די ציגן, צי די מיידלעך...

**חנה**
(צעהעלט זיך)

חיל, דו שפּאַסט...

יאָ, יאָ, דו מעגסט אַפילו פון מיר חוזקן,
וועט מיר זיין ליב...

**שמרי**

פרעכטיקע! חוזקן פון דיר?
און פאַר וואָס זאָל דיר זיין ליב?

**חנה**

ווייל איר האָט אונדז באַפרייט פון סיסראס יאָך.

(נענטער צו אים.)

און ווי קען ישראל זיין פאַרקנעכט,
האָבנדיק אַזעלכע קריגער ווי דו!

**שמרי**

אַ דאַנק, פרעכטיקע!

**חנה**

די נביאה האָט דערציילט,
און מיר אַליין האָבן געזען פון באַרג,
ווען אַ בליץ האָט אייך אויפגעדעקט
פאַר אונדזערע אויגן,
ווי די שפרונגען פון דיינע יאָגערס
האָבן געטרעמפּלט דעם שונא
און אויסגעטראָטן אַ וועג
פאַר דער נביאהס רייט-וואָגן...

**שמרי**

און איר האָט דאָס אַלץ צוגעקוקט?

**חנה**

די מיידלעך פון בית-חולים האָבן געקוויטשעט,
געוויינט און געלאַכט — אַ טויט דעם שונא!..
און דער אַלטער שמגר בן ענת,
האָט פאַרדעכלט די אויגן — געקוקט...
און איך האָב געזען טרערן אין זיינע אויגן...

דו הערסט? דער אַלטער לייב האָט געוויינט...
און האָט ארומגעטופּעט אויפן פעלדז, רייבנדיק די הענט...
(מאַכט אים נאָך.)
קינדערלעך מיינע... זינדעלעך מיינע...
ווי קען ישראל זיין פאַרקנעכט,
האבנדיק אייך פאַר זין...
(לאַשטשעט זיך צו אים.)
טו מיר די געפעליקייט, טרינק אַ קריגעלע מילך.
און עס וועט זיין זיס, ווי האָניק, אויף מיין גומען...

**שמרי**

(דרייט מיט אַ פינגער, מאַכט זיך תמעוואַטע)
אַז איך וועל טרינקען, וועט דיר זיין זיס?..

**חנה**

(מאַכט אַחוק מיטן האַנט)
אַ... מענער פילן ניט דעם טעם,
ווען יענער טרינקט. זאָל זיי זיין זיס...
(בייט דעם טאָן.)
טו מיר די טובה און טרינק!

**שמרי**

(שפּאַסיק)
דאָס, פּרעכטיקע, ווערסטו שוין ביי מיר נישט אויספירן —
ציגענע מילך!..
(לאַכט.)
ווען דו מעלקסט אויס אַ ווילדע הירשין.
וואָלט איך אפשר געטרונקען...

**חנה**

(הילכט אַרויס)
שלים איך מיט דיר אַן אָפּמאַך.

**שמרי**

גוט, וואָס דאַרף איך טאָן?

**חנה**

(גיט אַ דערהייב דעם קאָפּ מיט טויזנט חנען)

דו פאַנג מיר אַ הירשין און איך וועל זי אויסמעלקן...

**שמרי**

(קראַצט זיך דעם נאָפּל)

דאָ, פּרעקטיקע, האסטו מיך געפּאַקט...
אַזאַ כאַפּער בין איך ניט!..

(ווענדעט זיך צו אַרי.)

אַרי, דו ביסט עפּעס אַ מבין,
ווי קלוג עס זענען ישראַלס טעכטער
און הייבן די קעפּ ווי די סאַרנעס...

**חנה**

אַ דאַנק, חיל

**שמרי**

וואַרט נאָר...
דו האָסט ניט געזאָגט „אַ לעבעדיקע הירשין".
אַ געהרגעטע קען איך דיר ברענגען...

**ארי**

(דערהייטערט)

נו, וואָס זאָגסטו איצט, חכמה דער מאַמעס?..

**חנה**

(הילכט ארויס)

דעם טאַטנס אויך...

(לאַכט. חייזט אָן אויף שמרי.)

סיי ווי איז ער מיר שולדיק אַ הירשין —
אַ לעבעדיקע, צי אַ טויטע!..

**שמרי**

איך וועל באַצאָלן.

(קוקט.)

און אָן עדות וועט זיין די —

(גיט אַ שפּאַן צו דער פאַרשלייערטער — קוקט.)

וואָס שווייגט זי די פאַרשלייערטע?

**חנה**

זי איז אַ פאַרוויינטע,
האָט זי פאַרשלייערט איר פּנים.

**שמרי**

אַ פאַרוויינטע?

**חנה**

איר חתן איז פאַרווּנדעט, וויינט זי.

**שמרי**

(גיט זיך אַ כאַפּ)

וואָס זאָגט דער רופא?

**חנה**

דער רופא זאָגט, ער וועט געזונט ווערן —
חנן אַליין האָט דאָס געזאָגט.

**שמרי**

(פריידיק)

איז וואָס זשע זאָרגסטו, מיידל?

**די פאַרשלייערטע**

(וויינט)

ס'איז עפּעס אַזוי גרינג צוצוקוקן,
ווי ער ליגט אין אַנגסטן?..

**שמרי**

(ווי פריער)

ער וועט געזונט ווערן.
און קום ניט צו אים אַ פאַרוויינטע!
ברענג אים טרייסט,
ברענג אים לעבן!

**די פאַרשלייערטע**

ווען ער וועט נאָר געזונט ווערן,

זועל איך שוין וויסן, ווי אים אָפּצוהיטן...
(חיינט.)

**שמרי**

(גערירט)

וויין ניט, מיידל, ער וועט געזונט ווערן.
און דו וועסט אים אָפּהיטן לאַנגע יאָרן —
וויין ניט מיידל!
(ער הייבט דעם שלייער פון איר פנים קוקט און גיט אַ ציטער.)
צפורהלע, דו... מיר זיינען קינדער געוועזן,
געשפּילט זיך אין זאַמד ביים ים,
(בייגט זיך אָן.)
און איך קוש אַ טרער פון דיין אויג.
פאַר דעם צער פון אַלע כלות...
(קושט.)

**חנה**

(גערירט פון דעם — כאַפּט ארום זיין קאָפּ)

און איך קוש דיין פּנים,
פאַר אַלע ליידנדיקע כלות...
(קושט. כאַפּט אָן צפורהן.)
קום, צפורהלע, מיט אַזאַ מיטגעפיל
מוזסטו געטרייסט ווערן
קום, צפורהלע.

**שמרי**

גייט געזונט,
גייט צו די פאַרוווּנדיקטע,
זיי דאַרפן אייך האָבן.
(זיי שפּאַנען אַוועק און ער באַגלייט זיי מיט אַ בליק.)

**ארי**

(דערחייטערט)

נו ?..

**שמרי**

(קומט צו)

וואָס נו?
קען מען דען אָפּשאַצן ישׂראֵלס טעכטער,
ווי קלוג זיי זיינען מיט דער חכמה פון לעבן:
און ווי קלוג איז די נביאה, זיי אַהער צו שיקן,
אונדז צו צעשטרייטן...

**ארי**

אין דעם זין איז יעדע פרוי קליגער
פון מיר און פון דיר — און אַפילו...
(ווינקט צו ברקס געצעלט — מען הערט ווי ער ראַנגלט זיך אין שלאָף.)

**שמרי**

אים חלומען זיך די שלאַכטן...

**ארי**

צי מער פונאַנדער דעם געצעלט,
וועט ער רואיקער שלאָפן...

**שמרי**

ס׳וועט טאַקע צוקומען מער לופט.
(זיי טוען אַזוי.)
אַז ער וועט רואיקער שלאָפן,
מעגסטו זיך דאָ ערגעץ צושפּאַרן
און איך וועל וואַכן.
(אַ ר י שפּאַנט אַוועק רעכטס און ש מ ר י שטעלט זיך פון לינקן זייט געצעלט — וואַכט. ב ר ק זעט אַ חלום: י ע ל אין געשטאַלט פון אַ מכשפה, בליצט אים אויף אין חלום — רוימט אים אין אויער.)

**יעל**

סיסרא איז באַזיגט,
ער איז אָבער טויט —
פילט ניט די חרפה...
(ברק וואַרפט זיך אין שלאָף, יעל שפּרינגט אָפּ — קוקט. ברק שטילט זיך איין.)
אומדאַנקבאַרקייט אונטער דער זון;
דו אַליין מאַכסט חוזק פון שמגר בן ענת...
דער קעמפער, האָסטו זיך גערופן,

איז שוין געווונען דער קאַמף...
(טאַנצט אונטער, קייכט.)
כי—כי—כי... כי—כי—כי —
אונטערן שלייער פון אַ פרוי...
(ברק וועקט זיך, און זי בויערט מיט איר קול.)
ווער דאַרף דיך שוין איצט?
און דבורה דאַרף דיך אויך ניט מער!..

**ברק**

(פון שלאָף)

ה—כ—כ—ך...

**יעל**

און נאָר אויף בלוט לעבט דיין מין,
ווי אַ חיה־רעה, וואָס פאַרצוקט...
(צעטאַנצט זיך, אַ צעפּאַטלטע.)
לעק... לעק... און געדייַע
חיה, חיה, רעה —
לעבן איז כדאי...

(עס העלט אים אויף אין חלום די געשטאַלט פון סיסרא, וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַר אים, ווי פון אַ גרוב אַרויס, מיט ערד אויף אים, אַ צעפּאַטלטער, אַ צעקיצלטער, מיט בלוט־פלעקן אויף די שלייפן, אויף זיינע שטאַרצנדיקע באַקן.)

**סיסרא**

(מיט אַ דראָענדיקער האַנט צו יעלן)

וואָסער האָב איך געבעטן,
מילך האָסטו מיר געגעבן —
צו פאַרזינקען אַ מידער אין שלאָף...
און דו האָסט מיין בלוט געטרונקען, געטרונקען,
און דו האָסט מיין פלייש געפרעסן, געפרעסן...
(צעטופּעט זיך, צעיאַכמערט זיך.)
איז עס און טרינק,
קראַפּיר און זינק!..
(צעשפּרייט די הענט.)
ווער דאַרף מיך שוין איצט?..

(צו ברקן.)

און אויך דיך דאַרף מען ניט מער !..

צעטופּעט זיך, צעיאַכמערט זיך.)

איז לאָמיר ביידע טאַנצן — דעם טויטן-טאַנץ.

דו מעגסט אַפילו טראָגן דעם לאָרבער קראַנץ...

(יעל צעציטערט זיך, צעפלאַטערט זיך.)

און דו ציטער ניט, פלאַטער ניט,

(כאַפּט זיך מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ.)

איך בין באַזיגט !..

און בעל האָט נאָך אַ שלאַכט פאַרלוירן !...

(צעחאָיעט זיך.)

קריג איז גרוי — ל...

וואָס קנוילט דעם קנוי — ל...

און לעבסטו — לעב !

און פאַלסטו — פוי — ל...

(שרייט אויס.)

איך האָב אויך געלעבט,

און נאָך ווי געלעבט...

(צעטופּעט זיך.)

ווייל האַר, — איז האַר !

און קנעכט — איז קנעכט !

קומט דער טויט

און גיט זיין רעכט...

(צעטופּעט זיך.)

איז לאָמיר ביידע טאַנצן דעם טויטן-טאַנץ.

דו מעגסט אַפילו טראָגן דעם לאָרבער-קראַנץ.

**אַ קול פון חושך**

דבורה דאַרף דיך ניט מער !..

**סיסרא**

(הערײש, בייסיק)

און מיינען מיינסטו, דעם בעל-גאָט האָסטו באַקעמפט,

און מיינען מיינסטו, דער נביאהס גאָט האָסטו דערקענט?..
(מאַכט אַזעק.)

זאָל איר גאָט אין הימל הערשן,
בעלם טראָן איז אויף דער ערד!
(חיכערט, חאָרנט אין אַלע זייטן.)

נביאה, נביאה,
דו נאַרישע בריאה —
רוף ניט דיין גאָט אויף דער ערד!
קוים רירסטו אָן
בעלם טראָן —
ברענגסטו פייער און שווערד.
((שפּאַנט אין הינטערגרונט, לויטן ריטם פון זיין אויסברוך.)

אומזיסט, אומנישט בלוט פאַרגאָסן,
אומזיסט, אומנישט לעבנס געלאָשן —
(דרייט זיך אויס, הייבנדיק אַ האַנט.)

ס׳וועט בעל הערשן אויף דער ערד!..
(ליכט און פינצטערניש מיניעט זיך — בלענדט און צינדט אין ראַנגלעניש, אימה און פּחד אין דער לופט...)

**סיסראַס קול**

(פון פינצטערניש, וואָס צעהילכט זיך אין אַ ווייטער עכאָ)

און די געטין אַשתרות,
בעל הו—ר—ר—ר...
וועט פּרוכפּערן, מערן —
אַ וועלט מיט שקלאַפן צו געבערן...
און ווילסטו שפּאָטן — שפּאָט!
און ווילסטו דאַרבן —
דאַרב פאַרדאַרבן!
דו ביסט אַ קרבן,
צו אַ גאָט!..

**ברק**
(פון חושך)

שמרי! דו האָסט געהערט, שמרי!
שמרי!... שמרי...!
(פּאָכעט מיטן שווערד.)

**שמרי**
(לויפט אַריין, צינדט אָ פּאַקל)

ניין, שר־צבא,
קיינער האָט ניט גערופן.
(קוקט.)
קיינער ניט...

**ברק**
(לייגט אוועק די בלויזע שווערד, זעצט זיך אויף, רייבט די אויגן)

חלומות פינצטערע — קאָשמאַר!..

**שמרי**

גאָך אַזעלכע שלאַכטן!..

**ברק**

ווו איז די נביאה?

**שמרי**

ביי די פאַרוווּנדיקטע.

**ברק**

זאָל זי קומען!

**שמרי**

גוט.
(לויפט אַרויס, וועקט אויף ארי.)

**ברק**
(מורמלט)

אַוועק... שוין... און צו וואָס דאַרף זי מיך — שוין!..
און וואָס בין איך אָן איר?.. ווער בין איך?..
בלוט... זינדיק בלוט...
רויטע פאַרהאַנגען פאַר די אויגן!
(שמרי קומט אַריין.)
דו ביסט ניט געגאַנגען!

שמרי

איך האָב געשיקט אַ צווייטן:
די נביאה האָט באַפוילן, איך זאָל דאָ וואַכן.

ברק

מען דאַרף מער ניט וואַכן...
ווייל ווער דאַרף מיך שוין איצט...

שמרי

(געפּלעפּט)

ווער דאַרף דעם שר־צבא?..
(קוקט גלאָמפּיש.)

ברק

נו, וואָס קוקסטו אַזוי?
דו ביסט אַ ווילער יונג, שמרי,
אַלץ אין אָרדענונג?

שמרי

(הערױש)

אַלץ אין אָרדענונג, שר־צבא...

ברק

(באַטראַכט די פעל)

ווער האָט דאָס אָנגעטאָן די פעל אויף מיר?..
(שרייט אויס.)
איך האָב פיינט די חיהשע פעל!..

שמרי

די נביאה.

ברק

(פילבאַדייטנדיק)

די נבי—אה?..
האָט דאָס אָנגעטאָן די חיהשע פעל אויף מיר...

שמרי

דער שר־צבא איז אומרואיק געשלאָפן,
האָבן מיר אויך ווין צום טרינקען געגעבן.

ברק

(מיט רוגזה)

איר האָט באַדאַרפט וויסן,
אַז עס באַפאַלט מיך אַ וויסטער אומעט,
אַז איך טרינק ווייַן...
ווייַן האָבן זיי מיר געגעבן!..

שמרי

(נעמט דעם קריגל חייַן, טראָגט צו.)

ס'איז אַלטער ווייַן, שר-צבא,
עס איז גוט צום שלאָפן...

ברק

(נעמט דאָס קריגל, דעזעט חי דער חייַן גלימערט, גיט אַ שמעק, און שוידערט אויף)

ב ל ו ט !..

(גיט אַ שליידער דאָס קריגל.)

שמרי

(דערשראָקן)

ס'איז וויין...
דעם אַלטן ווייַן פאַרגאָסן...

ברק

ב ל ו ט !.. דו שפּירסט דאָס בלוט ?..

שמרי

(שמעקט)

ניין... די קליידער פון שלאַכט
אומגעביטן און אַרויסגעטראָגן,
נאָך פון פריער...

ברק

ניין ?.. שמעקסט ניט קיין בלוט...

שמרי

(שמעקט)

ניין, איך שפּיר ניט.

(דרייט אויס זיין פנים צום לינקן אַקסל — שמעקט.)

סיידן פון מיין אַקסל?..

ברק

וואָס איז מיט דיין אַקסל?

שמרי

נו גאָרניט, ציט אַ ביסל...

ברק

וואָס הייסט, ציט?

שמרי

(גלעט דעם אַקסל)

א פייל האָט זיך קענטיק דורכגעריבן...

(פריידיק.)

אָבער באַשיצט די נביאה!..

ברק

(גערירט פון זיין האַלטונג)

קום אַהער, שמרי.

(ער גיט אַ טראָט.)

נו, קום אַהער, וואָס קווענקלסטו זיך,

זעץ זיך...

שמרי

(פאַרחידושט)

נעבן שר-צבא?

ברק

וואָס איז דען?

(חייזט אָן אויף דער פעל.)

איך בין דען אַ לעמפערט?..

שמרי

ניין, איך מיין, — נעבן שר-צבא...

ברק

(באַפעלט)

זעץ זיך!

(שמרי זעצט זיך, ברק חייכער.)

פאַר וואָס האָסטו ניט אויסגעזאָגט.
געוואָלט זיך אויספיינען — יאָ?

**שמרי**

איך האָב געמיינט...

(מאַכט אַזעק.)

אָבער עס טוט מיר ניט וויי.

**ברק**

וואָס האָסטו געמיינט?
אַז קיינער וועט אַזוי ווי דו ניט באַשיצן די נביאה?

**שמרי**

נו יאָ...
אָבער עס איז אַן עוולה אַזוי צו מיינען,
אַנדערע וואָלטן אויך אַזוי באַשיצט...

**ברק**

ביסט דאָך אַן אמתער יונג, שמרי,
זאָג מיר נאָר, אָבער דעם אמת:
דו האָסט ליב שמגר בן ענת?..

**שמרי**

איך האָב פאַר אים גרויס דרך-ארץ —
ער אויך האָט געהאָלפן ישראל...

**ברק**

וואָס זאָגסטו מיר דרך-ארץ
איך פרעג דאָך, צי דו האָסט אים ליב?

**שמרי**

נו, יאָ... אוודאי, שר-צבא,
פאַר וואָס זאָל איך אים פיינט האָבן?..

**ברק**

דו ביסט אַ ווױלער יונג, שמרי.

ליגן זאָגסטו ניט...

נו, גיי צום רופא.

(שמרי שטעלט זיך אויף, חיל גיין, ברק ווינקט צו אים מיט אַ פינגער.)

וואַרט, איך וויל דיך נאָך עפּעס פרעגן:

(שמרי וואַרט.)

אַ פירער פון חיל ווילט זיך דיר ווערן, ניט אמת?

**שמרי**

(שפּרינגט אויף און באַהערשט זיך)

און זאָל דער שר־צבא מיר מוחל זיין די חוצפה.

ס׳איז נאָר דערפאַר, אָפּצוהיטן די פרייהייט

אין לאַנד פון די אבות.

**ברק**

(שפּאַסט)

וואָס זשע... די פרייהייט איז ביי

דיר אַן אינדן, וואָס אַנטרינט?..

**שמרי**

די פרייהייט אַנטרינט ניט,

מען שעכט זי!..

**ברק**

(קוקט אים אָן)

ה—ם—ם—ם...

ביסטו דאָך גאַנץ שאַרף אויך אָן דיין פּיקע...

**שמרי**

אַ דאַנק, שר־צבא.

**ברק**

אַזוי... און באַאַרבעטן דאָס לאַנד,

זיין אַן ערלעכער מענטש —

ווילט זיך דיר ניט?..

**שמרי**

(מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ)

אַקערן, זייען, שניידן...
אָבער, אַז דער שר־צבא היי — סט...

**ברק**
(בייט דעם טאָן)

אַ חיל, וואָס וויל ווערן אַ חיל־פירער,
איז אַ מאַן פון קריג...
און דרייסט זאָלסטו זיין, ווי אַ לייב,
און קלוג, ווי אַ פוקס!

**שמרי**
(לויכט אויף)

אַ דאַנק, שר־צבא,
איך וועל דעם צוטרוי פאַרדינען...

**ברק**

דו האָסט שוין פאַרדינט, מיט דיין בלוט!..
נו, גיי צום רופא.
(שמרי שפּאַנט אַוועק זייטיק און ברק באַגלייט אים מיט אַ זאָג, מורמלט.)
בדמייך חיי!
ווי אַפּפּערוויליק זיי זיינען...
ווי וווּנדערלעך זיי זיינען...
מיט אַזעלכע קען מען דאָך נעמען אַ וועלט!..

(שמרי גייט אַפּ זייטיק פון געצעלט און ציט זיך אויס אויף דער ערד — חאַכט... ברק בלייבט זיצן, שפּאַרט אונטער זיין ביינקן קאָפּ מיט זיינע זייליקע הענט — קוקט... דבורה קומט אָן, ברענגט קליידער פון פראַכט פאַר ברקן און באַמערקט שמרין, ווי ער ליגט זייטיק פון געצעלט — זיי קוקן זיך איבער, שמרי איילט אַוועק און דבורה גייט אַריין אין געצעלט.)

**דבורה**

וואָס שלאָפסטו ניט, ברק.
דיינע אויגן אַזוי רויט.

**ברק**
(ווי ער זיצט אַזוי, גיט אַ ברום)

ר ו י ט!..

**דבורה**

איז וואָס זשע חידושסטו זיך?
נעכט ניט געשלאָפן...
און דאָס פאָלק זאַמלט זיך,
צו פייערן דעם זיג...

**ברק**

שטייט זיי ניט אָן, צו טרעפן מיך אַזאַ,
מיט אויגן פאַרגאַסענע, אַ באַזויפטן...

**דבורה**

(קוקט אים אָן)

וואָס האָט זיך דיר געחלומט, ברק?

**ברק**

די מעשים פון טאָג...
און אוים חלומות — אוים!
ס'איז שוין נאָך אַלעמען...

**דבורה**

(גוטמוטיק)

וואָס זאָגסטו?
נאָך אַלעמען...

**ברק**

איך זאָג דיר, ס'איז נאָך אַלעמען.
מיינס איז אָפּגעטאָן!..

**דבורה**

(מיט פייער)

וואָס זאָגסטו...
דאָס פאָלק גייט פייערן דעם זיג,
דאָס פאָלק קומט צום לעבן.

**ברק**

און אונטערטראָגן זייערע קריגער,

אין קריגלעך, כבוד — פאַרערונג...
(בייט דעם טאָן.)
מוחל, מוחל, נביאה!..

**דבורה**

פאַרערונג פון פאָלק דאַרף מען שעצן,
און דאָס גיט מוט צו ווייטערע דערגרייכונגען.

**ברק**

פאָלק דאַרף מיך מער ניט,
און אז פאָלק וועט דאַרפן,
וועט ער אַזעלכע געבערן...

**דבורה**

איז וואָס זשע רעדסטו?

**ברק**

פון דעם ניט פולקאָמענעם זיג מיינעם...

**דבורה**

(שאַלט ארויס)

דער שונא איז באַזיגט,
און דער זיגער ביסטו.

**ברק**

דו ווייסט, ווען דעם זיגערס זיג איז פולקאָם?
ווען דער זיגער פאַלט דער לעצטער...

**דבורה**

(שרייט אויס)

מיך שווידערט דיינע רייד!

**ברק**

דו ווייסט זאַכן פון איידער וואָרט,
און פאַרשטעל זיך ניט...

**דבורה**

(צערטלעך)

דו ביסט נאָך יונג, ברק,

און דערשעפּט פון קאַמף,
נאָך אַ טאָג אַ פייערדיקן
קומט, צו מאָל, אַ שעה אַ פינצטערע...

**ברק**

(ברומט אַרויס)

יאָ, יאָ. נאָך טרומייטן־שאַל קומט קאַצן־יאָמער...

**דבורה**

דאָס זיינען רייד פון אַ געצנדינער:
זיי האָבן שוין אָפּגעלעבט זייער צייט!..

**ברק**

געצנדינער?..

(מאַכט אַ זעק.)

ווער קען דיין גאָט באַנעמען?..

**דבורה**

דו וועסט באַנעמען!
און לעב־מיט דאָס לעבן פון פאָלק, ברק.
פריי זיך מיט זיינע פריידן,
לייד־מיט זיינע לייד, מיט זיינע ליידן
ווערט דיין לעבן האָבן אַ זין!

**ברק**

ווערט זיך אָנהייבן אַ לעבן
אונטער פייגן־בוים און וויינשטאָק —
יוירן, פויל ווערן.

(שרייט אויס.)

מוחל, מוחל, אַזאַ פאַרזויערט לעבן!

**דבורה**

אויב שוין יאָ אויסצוטענהן זיך מיט דיר:
ווער זשע זאָגט דיר, אַז דאָס לעבן
ווערט ניט פאַרזויערט אָן גייסט!
ווער זשע זאָגט דיר, אַז דאָס לעבן

ווערט ניט דעגענערירט אַן גייסט —
און מיר קומען אויף צו אַ גייסטרייך לעבן, ברק!

**ברק**

ווייזהייט, ווייזהייטן,
פֿאַר אַזעלכע ווי דו, נביאה!..

**דבורה**

(שאַלט אויס)

בין איך דאָ צו דערהייבן!
דיך אויך, שר־צבא!..

**ברק**

ווייל איך פֿאַל — האָ?
איך פֿאַל!..

**דבורה**

זע די קינדער פֿון פֿאָלק —
דיינע חילים,
זע די פֿאַרוווּנדעטע —
ליגן מיט צעביישטן ווייטיק אין די לייבער,
און אַ שמייכל אויף די ליפּן —
אַ ניי לעבן קומט!
נאָך אַ דאַנק גאָט, וואָס דאָס פֿאָלק איז ניט אַזוי...

**ברק**

פֿאָלק בין איך געווען אין מיין תמימות אַ מאָל.
גיב מיר מיין תמימות צוריק!..

**דבורה**

וואָס פֿאַר אַ טראַגעדיע שפּילסטו מיר, שר־צבא.

**ברק**

(שרייט אויס)

אַ בער, וואָס טאַנצט אויף דיין קייט!..

**דבורה**

ביטערניש אין דיר, גרימצאָרן.
נו, גרים אויס דיין צאָרן אויף מיין קאָפּ.
(בייגט אָן דעם קאָפּ.)
גרים אויס דיין צאָרן —
וועט דיר לייכטער ווערן !..

**ברק**

אויך דאָ שפּילט די פרוי :
נו ווער קען דיך ביישטיין,
חילות — יאָ, אָבער דיך —
אַ בער בין איך און טאַנץ אויף דיין קייט !..
(בייגט דעם קאָפּ.)
וואָס נאָך, נביאה ?..

**דבורה**

וואָס מאָנסטו, ברק ?

**ברק**

גאָרניט...

**דבורה**

אויב דאָס איז דער פאַל,
מאָנסטו דאָס העכסטע — גאָרניט...

**ברק**

און דיר, דער פרוי, דער נביאה,
איז ליבער געווען דער ברק,
וואָס איז מיט דיר ביים קוואַל געשטאַנען,
געטרונקען פון דיינע אויפגעלויכטענע הענט :
אַזאַ ליכט האָט זיך געהעלט —
מיר זיינען צום קאַמף געגאַנגען...

**דבורה**

מיר גייען אַ וויטערן גאַנג,

פאַרנעם, ברק, אַ גײַסטרײַך לעבן!
איין גאָט. איין געטלעך פאָלק!

**ברק**

מיט שד אין מיר,
וואָס וועט דיין גאָט באַקעמפן,
דאָך געבענטשט זאָל זיין דער שד אין מיר!

**דבורה**

וואָס רעדסטו, ברק?

**ברק**

איך האָב דיר נאָך אַ סך צו זאָגן,
גאָר אַ סך...

**דבורה**

ווען דו האָסט אויפגעבליצט אויפן מזבח,
מיט שווערד אין האַנט,
דעם בעל-דינסט צו באַקעמפן,
ווען דו האָסט אויפגעבליצט מיט זון פאַר גאָט —
די בערג האָבן דאַן שירה געזונגען,
דער הימל האָט זיך צעוועלגערט איבער דיין קאָפּ,
און די וואָס האָבן דיך געזען,
וועלן דיך שטענדיק טראָגן
אַזאַ אויפגעבליצטן פאַר גאָט.

**ברק**

און אַזאַ—אַ...

**דבורה**

דו ביסט דערהויבן געוואָרן:
האָסט זיך אין פאָלק ניט אַנטוישט —
זײַ דערהויבן, ברק!

**ברק**

(שרייט אויס)

פאָלק דאַרף מיך ניט מער,
און זאָל מיך פאָלק מער ניט דאַרפן!
פאַרשטייסטו, דבורה,
איבעריק צו זיין ביי זיך אַליין!..
(גריבלט זיך ביים האַרצן, דערפילט די פעל.)
א פעל האָסטו אויף מיר אָנגעטאָן,
אַ לעמפּערט-פעל!

(גיט א ריס פון זיך די פעל און בלייבט זיצן אַ פאַרצאַקטער... דבורה נעמט אַראָפּ פון זיך דעם מאַנטל און הילט אים איין, ער לאָזט זיך און רופט זיך אָפּ.)
דיר איז גוט, דבורה,
אַלעמענס לעבן לעבסטו —
דיר איז גוט, נביאה...

**דבורה**

(געריירט, נייגט זיך צו אים)

אַזוי פיל איבערלעבעניש,
אין אַזאַ יונגן קאָפּ.

**ברק**

יונג — האָסטו געזאָגט,
נאָך אַזעלכע איבערלעבענישן:
פריער דער בעל-קאַמף
מיט די אייגענע געצן-דינער,
איצט מיט די כנענים —
מעסטן מיר זיך ניט מיינע יאָרן אין מחשבה,
מיר דוכט זיך, אַז איך קום פון אַ יענער זייט,
הינטער די הרי-חושך ערגעץ —
און בין אַלט ווי די בערג...

**דבורה**

(צערטלט אים)

פאַנטאַזיר...
מיטן מאָרגן וועסטו אַ ליכטיקער אויפשטיין.

**ברק**

(גיט אַ צענעם דעם מאַנטל)

מיט א צעשרפּהט האָרץ...

**דבורה**

אויב אַפילו אַזוי,
קען דבורה היילן...
(קושט אים אין ברוסט.)
אַזאַ געזונטקייט שמעקט פון דיר,
און וואָס דו רעדסט!..

**ברק**

יאָ...

**דבורה**

שמעקסט מיט וואַלד,
מיט וואַסערפאַל.

**ברק**

(גיט אַ שטרעק די האַנט)

און פון מיינע הענט?..

**דבורה**

געבענטשט די הענט,
וואָס הייבן אַ שווערד פון באַפרייונג!

**ברק**

דאָס גיב איך צו, דו ביסט די טרייסט:
אָבער מיט טרייסט לעבן —
דבורה, דבורה...

**דבורה**

(ציט אים צו זיך)

אַ פרישער קוואַל פון דיר, ברק,
שלאָגט זיך פון די גרונטן,
און דאָס איז דער צער פון ווערן:
ס׳איז צום שטוינען,

וויפל פאַרבאַרגענישן אין מענטשן
הויערט אַ באַגער...
און מיר גייען מיטן פּנים צו צייטן,
מיט אַלע באַגערן,
פון אַ באַנייטן לעבן!
(שטעלט זיך אויף.)
און דו האָסט זיך אוועקגעזעצט קלאָגן —
אויף וועמענס חורבן, ברק?

**ברק**

אויף דעם חורבן, וואָס הייסט ברק...

**דבורה**

וואָס זשע איז דער חורבן?

**ברק**

איך בין ניט דער ערשטער,
איך בין ניט דער לעצטער —
ס'וועט חורבן-ברק, יללהן אויף דער וועלט...

**דבורה**

רייד, רייד —
אויב דיר געפעלט אַזוי צו ריידן:

**ברק**

צו וואָס ריידן?
אַ מזל אַזאַ... אַ באַזונדער ברק-מזל:
אויפבליצן און ווערן פאַרשלונגען אין חושך...

**דבורה**

(צעלאַכט זיך)

פונקט מיין מזל,
ווי אַלץ וואָס לעבט אויף דער וועלט —
געבוירן ווערן, לעבן און פאַרגיין...
(הייבט איר קול.)
פאָלק איז אָבער אייביק,

און אַז אונדזער אויפטו איז גרויס,
טראָגט אונדז פאָלק מיט זיך,
אין צייטן, אין אייביקייטן —
לעבן מיר אין פאָלק!
(טאָרנט אים מיט אַ פינגער.)
און פאַרשוועך ניט, ברק,
דו זאָלסט ניט פאַרשוועכן!

**ברק**

(באַוווּנדערט זי)

אויך נצחון קעגן טויט, ביסטו, דבורה,
ווער קען זיך צו דיר פאַרגלייכן?..
(בײַט דעם טאָן. דבורה צעליכטיקט זיך.)
און אַז מיר וועלן האָבן אַ זון?

**דבורה**

אָט אַזוי, ברק, רייד פון לעבן.

**ברק**

און דו טראַכסט נאָר פון זיג, נביאה?..
איך טראַכט...

**דבורה**

(זיצן צוגעטוליעט איינס צום צווייטן)

געוויס, אין היץ פון קאַמף טראַכט מען נאָר פון זיג.
און איצט... אָבער איצט?.. נאָכן זיג, זעסטו ניט?..

**ברק**

(זי כאַפּט אַרום זיין קאָפּ, דריקט צו איר ברוסט, ווי צו פאַרשטאָפּן אים דאָס מויל — ברק ריטשעט אַרויס.)

פאַרשטאָפּסט מיר מיין מויל,
ווי איך וואָלט אַ זויג-קינד געווען!..
(גיט זיך אַ קייקל מיט זיין נאַקן אויף אירע קני און שאַלט אַרויס.)
פעלדער, מיינע פעלדער,
פעלדער, פון שלאַכט —
פאַרנעמט איר דעם צער!..

**דבורה**

(הערט ווי געפלעפט פון זיין אויסברוך און שאָלט אַרויס)

מן המיצר קראתי יה!

(צעתפילהט זיך, עקזאַלטירט.)

גאָט, זאָל פאַלן דאָס בלוט אויף די קעפּ פון די שנאים,
וואָס האָבן פאַרשקלאַפט דיין פאָלק!
און ריין זיינען מיר, ריין פון דעם בלוט,
ווי ערשט געפאַלענער שניי,
וואָס האָבן אויסגעקעמפט דיין ווילן פון גאולה:
אַן עדות זיינען די לוחות־הברית,
דיין בונד מיט אונדזערע אָבות —
באַשיץ אונדז, גאָט, באַשיץ!

**ברק**

(דערשטוינט פון איר אויסברוך)

און דו ווייסט, ווער דו ביסט?..

**דבורה**

(גיט אים אַ לייג זיין קאָפּ אויף אירע קני)

און אַז שטראָפן, ווילסטו אים באַשטראָפן —
שטראָף מיך, מיין גאָט!
דאָס האָב איך אים אויסדערוויילט,
מיט דיין גאָב אין מיר,
וואָס אַ מאַן קען ניט בײַשטיין...
און מיר זאָל זיין פאַר אים,
און נאָך מער —
דעם זון דעם פּרעכטיקן פון נפתלי,
וואָס האָט אויסגעפירט דעם ווילן פון פאָלק,
וואָס איז דער ווילן פון דיר, מיין גאָט...

(צעוויינט זיך אויף זיין קאָפּ.)

**ברק**

(עקזאַלטירט)

דבורה, נביאה געטלעכע — ווער ביסטו, דבורה?..

דבורה

(גיט זיך אַ כאַפּ. גלייכט זיך אויס זיצנדיק, ווי דערשעפּט)

אַ פרוי...

ברק

(קוקט, וווּנדערט זיך)

אַ פרוי?

(הייבט דעם קאָפּ — קוקט.)

און דו ווייסט, ווי ווונדער׳לעך דו ביסט?

דבורה

איך ווייס...

ברק

אַז דו וועסט מיר האָבן אַ זון,
זאָל ער זיין געראָטן אין דיר:
אַז זיין לעבן וועט אים ביטער ווערן,
זאָל ער לעבן מיט דעם לעבן פון פאָלק —
זייער טאָג וועט קומען.

דבורה

און אַז ער וועט געראָטן זיין
אין אונדז ביידן?

ברק

וואָס זשע וועט זיין?

דבורה

א נביא בישראל —
אַן אמתער קעמפער
פאַר דאָס גרויסע גערעכט!

ברק

אַ נביא?..
ווונדערבאַר דבורה — אַ נביא!
באַקלאָגן חורבן-ברק

און קעמפן פאַר אַ דבורה — לעבן —
לויט איר חזיון — און ווערן דערלייזט !..

**דבורה**

ער וואָלט צעליכטיקט אַ וועלט !

**ברק**

לאָז צו רו די וועלט, נביאה !

**דבורה**

מיט שווערד קען מען קיין וועלט ניט איינגעמען,
וועלן מיר איינגעמען די וועלט מיט גייסט !..

**ברק**

מיט גייסט ?
וואָס שווערד קען ניט באַקעמפן...
לאָז צו רו די וועלט, נביאה,
לאָז זיי אין זייער חושך —
זיי וועלן זיך ווערגן מיט דעם...
ווי איך !..

(הייבט זיך אויף און מאַכט א באַוועגונג צו גיין.)

**דבורה**

ווּהין ?

**ברק**

אויב אַ זון אַזאַ איז אין אונדזערע אינגעווייַדן,
זאָלסטו אים בעסער ניט געבערן —
די וועלט וועט זיך ווערגן מיט אים.
און טייכן בלוט וועט זיך גיסן !..
(איילט ארויסצוגיין.)

**דבורה**

ברק, ווּהין !

(פאַרלירט זיך ניט און רופט אויס.)
וועכטער פון דער נאַכט !

ברק

(הערט ווי זי רופט די וואַך, קערט ער זיך אום און כאַפּט זי אָן)

וואָס טוסטו, נביאה!

דבורה

דו זאָלסט געצוימט ווערן!
ביז אין טיף פון מיין געביין
האָסטו מיר וויי געטאָן —
מיין זון געחלומטן פארשוועכט!

ברק

(הערט זיך צו, מורמלט)

הערסט די וואַך?
(לאָזט זי אָפּ.)

דבורה

קעגן דבורהן שטעלסטו זיך,
דער פרוי פון פלאַם...
און דעם אמתן אמת זאָג איך דיר,
דו זאָלסט מיך דערקענען —
ס׳איז געפאַלן אַ פונק פון ברענענדיקן דאָרן
און צעצונדן אַ שריפה אין מיר.
אויסצושרפהן די טריט פון שונא.
און גאָט האָט אונדז געהאָלפן.
ווייל זיי, די שונאים פון מיין פאָלק,
זיינען די שונאים פון גאָט!

ברק

(טרעט אָפּ הינטערהיילעכץ, טיפער אין געצעלט)

גאָטס פלאַם אין דיר, ווער קען דיך ביישטיין...

דבורה

(רופט אין דרויסן)

שמרי!

(שמרי איילט אריין, ווייזט זי אָן אויף ברקן)

קלייד אָן דעם שר־צבא,
אין פּראַכט פון ראש־המטה.
איבער אַלע ישראלס קרעפטן —
אָפּצוהיטן אונדזער פרייהייט!

(דראָעט מיט אַ פינגער צו ברקן.)

און דאָס איז מיין שטרענגסטער באַפעל,
אַלס ריכטערין אין ישראל!

**ברק**

(דערוווּיטערט)

נביאה...
נביאה...

**דבורה**

(מיט איר פולער קראַפט)

און איך זאָג נביאות
פאַר היינט און פאַר מאָרגן.
אין דורות און אין צייטן —
אין אַלע אייביקייטן!
אַז דער, וואָס וועט פארגיסן
דאָס בלוט פון מיין פאָלק,
וועט קיין איין טראָפּן בלוט
ניט געשענקט ווערן!..
און איך באַשווער דיך, ערד!

(פאַלט צו.)

מיין הייליק ערד —
דער גייסט פון גאָט האָט גערעדט,
אַז דער וואָס וועט אָנפאַלן
אויף מיין לאַנד פון די אָבות,
וועט סוף־כל־סוף,
האָבן סיסראס סוף!..

**וועכטער**

(לויפן אָן)

באַפעל, נביאה!

**דבורה**

(גיט זיך אַ כאַפּ. — קוקט און שטעלט זיך אויף — רופט אויס
מיט דעם קול פון אַ גלאָק)

שאַלט פרימאָרגן-האָרן!
שאַלט טרומייט!
דערוועקט דאָס חייל צום יום-טוב,
רופט דאָס פאָלק, צום פייערדיקן זיג!..

(װעכטער אָפּ. ס׳דערהערט זיך פרימאָרגן-האָרן. שאַל פון טרומייט, זי נעמט די בלויזע שװערד אין האַנט. װאָס ליגט אין אַ װינקל — טוט אַריין די שװערד אין שייד. — עקזאַלטירט.)

זשאַוער... זשאַוער שווערד, אין שייד!..

# בילד זעקס

## דאָס געזאַנג פון דבורה און ברק

(דאָס פאָלק פאַרזאַמלט אין אַ גאָרטן —
טאַנצנדיקע פרייד, כוואַליעדיקע פרייד.
צווישן פאָלק אַ בימה — מענטשן — אַ בונד אויף דער בימה,
וואָס פאַרשפּיצט זיך מיט ברקן.
ברק, מיט צעשפּרייטע הענט,
הערט געדרייט איבער קעפּ.)

**שטימען**

ברק, ברק!
(הענט הייבן זיך. ברוסטן שטרעקן זיך.
בייגן זיך, נייגן זיך.
פויקט, ברומט — דונערט פרייד.
טאַצן בראַזגען — בריזגען פרייד.)
— ברק, ברק...
— ברק בן אבינעם, אונדזער באַפרייער
— ברק בן אבינעם, רעטער פון פאָלק!
— ברק, ברק, אונדזער דערלייזער!

**ברק**

(הערט געדרייט איבער קעפּ אויף דער בימה, שפּרייט די הענט)
פאָלק, דו ביסט מעכטיק!
פאָלק, ווער קען דיך ביישטיין!
(טרומייטן שאַלן —
הימל, הימל, אַזאַ פרייד אויף דער ערד.
און זון זידט אַראָפּ, ערד זינגט אַרויף...

זעצט דאָס האַרץ מיט פרייד פון אַלע גלידער —
הימל, הימל, אַזאַ פרייד אויף דער ערד.)

**שטימען פון פאָלק**

— געבענטשט די פירער פון פאָלק!
געבענטשט די נביאה פון פאָלק!
(אַ דונערדיקע שטים.)
געבענטשט די קעמפער פון פאָלק!

**שטימען**

(פון דער בימה. מיט שטרעקנדיקע הענט)

געבענטשט דאָס פאָלק!

(דאָס פאָלק צעטאַנצט זיך מיט צימבלען און מיט פויקן —
קאַראַהאָדן דרייען זיך, קעפּ הייבן זיך —
אין אַ פלאַקערדיקן טאַנץ.
ביז דער טאַנץ פאַרפלעכט זיך אין אַ מענטשן־קראַנץ
אַרום דער בימה. די פירער פון דער בימה בייגן זיך, נייגן זיך
און פליעסקען מיט די הענט.)

**שמגר**

(טיילט זיך אויס פון די חייל־פירער אויף דער בימה, שפרייט די
הענט צום פאָלק, וואָס איז פאַרפלאָכטן אין אַ קראַנץ אַרום
דער בימה)

זעט, זעט אַ לאָרבער־קראַנץ...
האַי, האַי, אַ לאָרבער־קראַנץ...
(צעטאַנצט זיך קעגן די חייל־פירער.)
קינדערלעך מיינע, זינדעלעך מיינע!
(ווייזט אָן אויפן פאָלק.)
טראָגט, טראָגט דעם לאָרבער־קראַנץ.
(די חייל־פירער פליעסקען אים צו, דאָס פאָלק בלייבט ווי פאַרגאַפט, און ער־
צעטאַנצט זיך אַזוי, אַז זיין טופּעניש אויף דער בימה הילכט אָפּ אין די בערג.)
האַי, האַי... אַ לאָרבער־קראַנץ.
קינדערלעך מיינע, זינדעלעך מיינע,
טראָגט, טראָגט דעם לאָרבער־קראַנץ!..
(פאַלט אַרויף אויף ברקן — האַלדזט אים — טרומייטן שאַלן.)

**פאָלק**

(דערוואַכט, ווי פון אַ היפּנאָז, רופט אויס)

עורי, עורי דבורה!

עורי, עורי, זאָג געזאַנג!

(האָרן־שאַל רופט צו אָרדענונג, דאָס פאָלק שטילט זיך איין און דבורה טרעט אַרויס, רעציטירט איר געזאַנג פון נצחון.)

**דבורה**

אַז מען לאָזט די ווילדקייט זיך צעוואַקסן אין ישראל,
און אַז דאָס פאָלק באָט זיך פרייוויליק אָן —
טוט לויבן גאָט!
הערט איר מלכים, פאַרנעמט איר פירשטן,
צו גאָט וועל איך זינגען,
איך וועל שפּילן צו גאָט, דעם גאָט פון ישראל.
(הייבט איר קול.)
גאָט, אַז דו ביסט פון שעיר אַרויס,
אַז דו האָסט פון אדומס פעלד געשפּרייזט,
האָט די ערד געציטערט.
(דאָס פאָלק גיט זיך אַ בוק,
ווי אַ וואַלד וואָלט זיך אַ בייג געטאָן,
פון אַ הוראַגאַן.)
די הימלען האָבן גערעגנט,
יאָ, די וואָלקנס האָבן וואַסער גערעגנט.
בערג זיינען צערונען פאַר גאָט:
דער סיני — פאַר גאָט, דעם גאָט פון ישראל.
אין די טעג פון שמגר בן ענת,
אין די טעג פון יעל, האָבן שליאַכן אויפגעהערט,
און וועג־גייער פלעגן אויף קרומע וועגן גיין!..

**שמעון**

— אויפגעהערט האָבן פירער אין ישראל, אויפגעהערט.
— ביז דו, דבורה, ביסט אויפגעשטאַנען,
— אויפגעשטאַנען אַ מוטער אין ישראל.

**דבורה**

(מיט איר קול פון אַ גלאָק)

בייע געטער האָט מען אויסדערוויילט,
דערפאַר איז מלחמה געווען אין די טויערן.
(מיט פּאַרדרוס.)
אויך אַ שילד און אַ שפּיז איז אַנצוקוקן געווען
אין פערציק טויזנט פון ישראל!
מיין האַרץ צו די פירער פון ישראל!
די פרייוויליקע צווישן פאָלק —
מוט לויבן גאָט!
איר, וואָס רייט אויף אייזעלינס ווייסע,
איר, וואָס זיצט אויף דעקעס
און איר, וואָס גייט אין וועג —
רעדט דערפון!
מער ווי ליאַרעם פון פייל־שיסערס,
איז צווישן די שעפּ־קאַריטעס:
דאָרטן דערציילט מען די גערעכטיקייט פון גאָט,
די גערעכטיקייט פון זיין פירערשאַפט אין ישראל.
(מיט עקסטאַז.)
דענסט מאָל האָט גענידערט גאָטס פאָלק אין די טויערן.

**שטימען**

עורי, עורי, דבורה,
עורי, עורי, זאָג געזאַנג.
שטיי אויף, ברק,
און פאַנג דיין געפאַנג, בן אבינעם!

**לעגיאָנערן־פירער**
(פון דער בימה)

פון אפרים זיינען זיי געקומען,
די וואָס וואָרצלען אין עמלק.
נאָך זיי בנימין מיט די מחנות.
— פון מכיר האָבן הערשער גענידערט,
און פון זבלון, וואָס טראָגן אַ צעפּטער.

— און די הארן פון יששכר מיט דבורהן,
און יששכר, ווי ברק,
האט געלאזט זיך אין טאל הינטער אים!

**דבורה**

(מיט סאַרקאַזם)

ביי די טיילן פון ראובן,
איז דער איבערקלייב געווען גרוים!
(בויערט אַ קול.)
וואס ביסטו געזעסן צווישן די שאפגעהעפטן,
צו הערן דאס מעקען פון די סטאַדעס?
(א רוגזהניש אין פאלק.)
ביי די טיילן פון ראובן
איז דער איבערקלייב געווען גרוים!..

**ברק**

גלעד האט אויף יענער זייט ירדן גערוט.
און דן, פאַר וואס ווײלט ביי די שיפן?
אשר איז געזעסן ביים בארטן פון ים,
(דערהייבט זיין קול.)
און ביי זיינע אויסגוסן געטאן רוען!
זבלון איז אַ פאלק,
וואס האט איינגעשטעלט זיין זעל צום טויט,
און נפתלי אויף די הויכן פון פעלד.
מלכים זיינען געקומען, מלחמה געהאלטן,
די מלכים פון כנען אין תענך,
ביי די וואַסערן פון מגדו:
קיין רויב פון זילבער האבן זיי ניט געקראגן...
(געלעכטער פון פאלק.)

**שטימען**

— פון הימל האט מען מלחמה געהאלטן,
— די שטערן פון זייערע שטעגן

האָבן מלחמה געהאַלטן מיט סיסראַן.

**ברק**

(שאַלט ארויס)

טייך קישון האָט זיי אַוועקגעפּלייצט!

טייך, אַלטער טייך, קישון.

(הייבט אַ פויסט.)

טרעט אויף מיט מאַכט, מיין זעל!

(פאָלק צעכוואַליעט זיך אין עקסטאַז. אבאיעס פּלאַטערן, טורבאַנען דרייען זיך, פארבן מישן זיך.)

**שטימען**

— דענסט מאָל האָבן געקלאַפּט די טריט פון פערד,

— פון די שפּרונגען, די שפּרונגען פון די אָגערס.

**דבורה**

(שאַלט אַרויס)

שילט מרוז, זאָגט אַ מלאך פון גאָט.

שילטן שילט אירע באַוווינער —

זיי זיינען ניט געקומען צו דער הילף פון גאָט.

צו דער הילף פון גאָט, צווישן די גיבורים!

(יעל װיכערט אַריין. װי זי װאָלט װעלן מיט דעם זאָגן: — אָבער איך האָב געהאָלפן — דבורה באַמערקט זי.)

געבענטשטער פון אַלע ווייבער זאָל זיין יעל,

דאָס ווייב פון חבר דעם קיני.

— פון אַלע ווייבער אין געצעלט זיין געבענטשטער.

וואַסער האָט ער געבעטן, מילך האָט זי אים געגעבן...

(מיט חוזק.)

אין אַ קרוג פון פירשטן האָט זי שמאַנט דערלאַנגט...

(מיט עקסטאַז.)

— איר האַנט האָט זי אויסגעשטרעקט צום פּלעקל,

און איר רעכטע האַנט צום האַמער

— געהאַמערט סיסראַן. צעקלאַפּט זיין קאָפּ,

— געלעכערט, דורכגעהאַקט זיין שליף.
— צו אירע פיס האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזן.
— געפאַלן, געפאַלן...
— צו אירע פיס זיך אַראָפּגעלאָזט. געפאַלן.
— ווו זיך אַראָפּגעלאָזט, דאָרט דערהרגעט, געפאַלן...
(אַן אויפברויז אין פאָלק, יעל ווערט געהויבן איבער די קעפּ.)

**שטימען**

געבענטשט זאָל זיין יעל.
געבענטשטער פון אַלע ווייבער אין געצעלט.
(פאָלק פלאַקערט — פלאַם פון לעבן.
בונטן פאַרבן פלעכטן זיך, קנוילן זיך
און זון זידט אַראָפּ, שטורעם און זון!
וואָס שאַלן די טרומייטן איבער קעפּ אַריבער? —
רוף פון לעבן!
וואָס בומט דער פויק? — בום פון לעבן!
און צימבלען צימבלען צו.
קלאַפּ פון האַרץ. טאַקט פון לעבן.
יעל ווערט געטראָגן איבער קעפּ
און ווערט אַוועקגעשטעלט אויף א פּלאַטפאָרמע
פון די קריג־פירער. שמגר בן ענת כאַפּט זי ארום און קושט זי אין שטערן.
זי רייסט זיך אַרויס פון זיינע הענט. וויכערט ארום און בליצלט מיט די אויגן,
ווי זי וואָלט וועלן דערציילן אַ סוד, אַז אַלע זאָלן הערן    און הייבט אָן.)

**יעל**

דורכן פענצטער האָט געקוקט און געיאָמערט,
דורך דער פאָרטקע, די מוטער פון סיסראַן:
וואָס זאָמט זיך זיין רייטוואָגן צו קומען?..
וואָס שפּעטיקן זיך די טריט פון זיינע געשפּאַנען?..
די קלוגע פון אירע שררותעס ענטפערן.
יאָ, זי גיט זיך אַליין אַן ענטער:
פאַר וואָר, זיי געפינען, זיי טיילן דעם רויב:
אַ מיידל, צוויי מיידלעך פאַר איטלעכן מאַן.
רויב פון געפאַרבטע קליידער פאַר סיסראַן.
רויב פון געפאַרבטע שטיקרייען

פֿאַר דעם רויבנעמערס האַלדז...
(פֿאַלק צעלאַכט זיך פֿייערלעך.
קעפּ וואַרפֿן זיך. טורבאַנען דרייען זיך.
מיידלשער געלעכטער — ליכטיקער טייך.
בחורישער געלעכטער — פֿלאַמיקער פֿלאַם.
געלעכטער פֿון זקנים — קאָכט זיך פֿאַרקייכט.
געלעכטער. געלעכטער — פֿליעסקענדיקער טייך.)

**דבורה**

(מעכטיק)

אַזוי זאָלן אונטערגיין אַלע דיינע פֿיינט, גאָט,
און זיינע ליבהאָבער זאָלן זיין,
ווי דער אויפֿגאַנג פֿון דער זון אין איר שטאַרקייט.

(תרגום פֿון ליד — לויט יהואש)